# פינף נפטרים

שלום עליכם, י. ל. פרץ,
מענדעלי מוכר ספרים,
ש. ש. פרוג, י. דינעזאָן

צווייטער באַנד:

## י. ל. פ ר ץ

פון

## מ ש ה ז י ל ב ו ר ג





פאַרלאַג „דער קוואַל"
ווין — וואַרשע — לעמבערג

# י. ל. פּרץ

## כאַראַקטער־שטריכען

פון

## משה זילבורג





פאַרלאַג „דער קוואַל"

ווין — וואַרשע — לעמבערג

# קינדהייט און יוגענד

„א בעזונדער יודיש־בעל־הבתיש קעניגרייך. א פיער־עקיגער מארק מיט א שתי וערב (די פארם פון א צלם) פון צוויי ברוקירטע גאסען, שטעלט איהר אייך, למשל, אין מיט דער שטאט, אויפ'ן פונקט, וואו די ברוקירטע גאסען לויפען זיך צוזאמען, מיט'ן פנים צום מאגיסטראט מיט'ן זייגער־טורם, — האט איהר ארום זיך די גאנצע, שארף אבגעגרענעצטע, רוהיג בעל־בתי'שע מלוכה."

ווייטער ארויף, הינטער אלט געוועלבטע בראמען, ציהט זיך דער וואל פון דער אלטער פעסטונג: פינסטערע קאזעמאטען ארום און ארום מיט לעכער, האלטען אונטער זייער בייזען בליק די גאנצע געגענד, קאזארמעס פון רויטע ציגעל און א סך אנדערע מיליטערישע בנינים. דארט ארום געפינט זיך די גוי'שע וועלט, עטליכע שליאכטעס יורדים, פאראָרימטע פויערים נאך דער „בעפרייאונג", רוסישע סאלדאטען און אפיצערען.

זאמאשץ, עיר ואם בישראל אין לובלינער גוב., וואו פרץ איז 1851 געבוירען.

דא האט ער פערבראכט זיין קינדהייט און יוגענד, אייגענטליך אזוי פשוט־אידיליש און טראדיציאנעל, ווי פון א יעדער יודיש קינד אין יענער צייט. געלערנט אין חדר ביי פערשידענע מלמדים אויפ'ן אלטען שטייגער; די היימישע ערציהונג פרום און גאט־פארכטיג, דער אלטער וועג פון אבות אבותינו; געשמ'ט פאר אנ'עלוי און, ווי עס געהערט פאר אזוינעם מיט שגעונות א קינד געוועזן מיט א הייסען טעמפעראמענט, מיט אייגענע די „צוויי ברענענדיגע הבדלות", אלערליי שפיצלעך אבגעטון זיינע מלמדים, מונטער געשטיפט און געלערנט גמרא, יורה דעה, חושן משפט;

געטראָגען יודישלעך דעם יאָך פון דער תורה אבער, ווי מען זעהט פון זיינע פרייד׳ניג דערציילטע „זכרונות", האָט דער יאָך נישט אַזוי שווער־פאַנאַטיש געדריקט אויף איהם, ווי אויף אנדערע פון זיין צייט.

דער פרייערער גייסט פון זיין שטעטעל און זיין טאַטע — דער מתנגד אין א חסידישער סביבה — זיי ביידע האָבען בעשטימט און געצייכענט זיין ווייטערען וועג.

דאָס שטעטעל זאַמאָשץ, אָדער ווי פרץ רופט עס אָן אין שפּאַס: „קליין פּאַריז" איז א מתנגדישע אין קרייז פון די חסידישע שטעטלעך, געווען דאָס פרייע און אויפגעקלערטע. זאַמאָשץ האָט שוין פריהער געשענקט דער יודישער וועלט עטליכע משכילים, ווי עטינגער, צעדערבוים, דער רעדאַקטער פון „המליץ" און יודישען „המבשר", א. א. דאָרט האָט מען ניט אזוי גערודפ׳ט דעם משכיל: אביסעלע אפיקורסות האָט דאָרט ניט געבראַכט קיין מגפות אויף קינדער: א פרעמדע שפּראַך, א ביכעל לעזען, בפרט א לשון־קודש׳דיג ביכעל, איז קיין גרויסע עבירה נישט געווען. די גרויסע שלאַכט פון „ליכט און פינסטערניש" איז דאָרט ניט אַזוי פערביטערט־פאַנאַטיש געפירט געוואָרען ווי אין אנדערע, דערבייאיגע שטעטלעך.

זיין טאַטע איז אין מיטען דער חסידיש־בי׳שער סביבה געווען פון די ווייניגע מתנגדים, א פרומער יוד און א למדן. און ווי יעדער מתנגד, ווי פרום ער זאָל ניט זיין, האָט ער אין זיך שוין עפּיס געהאט, וואָס די ארומיגע סביבה האָט בעטראַכט פאַר „געכאפּט". פרץ בעצייכענט איהם אין שפּאַס פאַר „א ליבעראַל און אפשר אנ׳אנארכיסט" ד. ה. געווען א יוד מיט א ביסעל א פרייערען געמיט ווי אנדערע, א ביסעל שטייפקייט געהאַט און א בעל־דעה.

מיט שטאָלצער הנאה דערציילט פון איהם פרץ:

„אז עס איז ארויס א קלאָגע, אז מען וועט נעמען צו מיליטער, און מען האָט זיך אָנגעהויבען שרעקען, האָט ער געראָטען: „ניט שרעקען זיך און ניט געהן, קיינער זאָל ניט געהן!..."

„מען וועט שמייסען!"
„א וועלט שמייסט מען ניט!"
„שמידען אין קייטען!"
„נישטאָ אזוי פיעל קייטען!"
„איינזעצען אין תפיסה!"
„אַכיבאַ די וועלט מאַכען פאַר א תפיסה!"

אין די דאָזיגע שטאָלצע ווערטער, — זאָגט פרץ, — האָט ער זיין גאַנץ לעבען געדענקט."

פרץ איז פון די ווייניגע גליקליכע פון יענער צייט, וואָס דערמאנט ניט זיין קינדהייט מיט סארקאזם און שפאָט. זיין קינדהייט איז ליכטיג געווען, אפשר האָט זיין לויטערע און ליכטיגע נשמה דערצו פיעל מיטגעווירקט. ליכטיגקייט — זי איז פרץ'ס מלאך־בעגלייטער געווען ביז צו דער עלטער. זיין תוך, א ליכטיגע נשמה, א ליכטיגער בליק, א ליכטיגע פעדער, א ליכטיגער סטיל, אַלץ ליכטיג און לויטער.

שוין גאָר פריה, אַנ'ערך צו 14 יאָהר, האָט אין פרץ'ן אויפגעוואַכט דער „אומרוהיגער גייסט". די דיכטערישע נאַטור ווערט צייטיג פאַר דער צייט, און עפענט זיך זעהר פריה פאַר די רעגונגען פון דער פרייער וועלט. יעדער קליינסטער צוג אין לעבען פון יחיד און פון כלל, וואָס שטעהט אין קאָנטראַסט מיט דער ארומיגער סביבה, מיט דער רוטינע פון טאָג, גענוגט דערצו. דער האַרטער קאפּעליש פון פעטער דעם משכיל, דאָס גרויסע הויז מיט'ן גאַניק, וואו עס זיצען צוויי מיידלעך אויף װעלכע מען „רעדט", (יעדעם יודישע שטעטעל האָט זיי) א שטילער פרישער בליק פון א שיינער שכנה, יענע בעזונדערע, פארשייטע אין פראנקע וועלט פון די גויים, דער ווייטער האָריזאָנט, אַלץ ווירקט א סבה צו אומרוהיגע מחשבות, אַלץ רייצט, וועקט, רופט פערפיהרעריש, און מיט האַרץ־קלאַפּעניש, אין צער און פערקלעמטער בענקעניש ווערט פאַרטיג דער אַפּיקורס. נו, געוועהנליך, ניט געפעהרליך, נאָר עפּעס שפירט זיך, עפּעס נייעס קומט,

עס ציהט שוין צו עפּיס אנדערש ווי צו דער גמרא. אין אלטען און הייליגען בנין, וואָס טאַטע־מאַמע האָבען מיט זאָרג און מסירת נפש אויפגעבויט, בעוויזט זיך א שפּאַלט, א צווייטער, ספקות הייסט עס, שאלות און מ'איז שוין א „פּורץ גדר".

ניט לייכט אָבער קומט אָן פּריץ'ן דער איבערגאַנג. די פּאַרשטעלונג פון דער קינדהייט, די פרומע וועלט פון בית־המדרש זאָגט: אַז אלץ וואָס געפינט זיך מחוץ פון דער יודישער וועלט איז: טומאה, לילית, יצר הרע; הינטער דער מחיצה הייבט זיך אָן דער וועג צום גיהנום; שדים און רוחות לאָקען און רופען אהין.

„נישט מיט אמאָל לויפט מען פון יודישען אין גוי'שען בית־המדרש אריין. מען האָט דאָך א יודיש האַרץ, קלאַפּט עס. איך פיהל אויבוואל נישט קלאָר, אַז איך רייס מיך פון עפּיס און עמיץ אב, פון עמיץ היימישעס, פון עפּיס טייערעס... נעכט שלאָף איך נישט, און בלאַנשזע ארום טעג אונטער די בראָמען. איך בין שוין א „פּורץ גדר", אין א סך זאַכען האָב איך אויפגעהערט צו גלויבען. פיעל פון הייליגען איז מיר אומהייליג געוואָרען, אָבער אַלץ אין דער היים, אין בית־המדרש, וואָס איז נעבען דער שול..."

אין עס קומט פאַר א קאַמף צווישען „יצר טוב" און „יצר הרע" ווי פּריץ האָט עס שפּעטער געמאָלט אין זיין פּאעמע „מאניש" און דער סוף איז ווי דאָרט, אַז דער יצר הרע איז גובר...

פון טאטענ'ס צד איז קיין מניעה נישטאָ, די גוטע מאַמע, ווי דער שטייגער, גיט נאָך. פּריץ לייענט מיט א נייגעריקייט די אלטע און נייע העברעאישע ליטעראטור, השכלה־ליטעראטור, לערנט רוסיש ביי א לעהרער. פאַלט אַריין צופעליג אין א ביבליאטעק, ערגיץ אין גוי'שען פירטעל. לייענט פויליש, דייטש, אַלץ וואָס קומט אין דער האַנד אהן א סדר.

אין פון דאָ אָן, אויפ'ן גרעניין פון דער יוגענד, הייבט זיך אָן פּריץ, פּריץ דער דיכטער, דער דיכטער פון גאָט'ס גענאָד.

ערגיץ־וואו, אין א העק אויף אַ וועג ליגט אין העלען טאָג א שטיקעל גלאָז־שערבעל. לויפֿען זיך צוזאַמען אַלע שטראַלען פֿון דער זון צו איהם און עס ווערט א פֿריילִיכער ליכט־שפּיעל. א טאַנץ פֿון פֿאַרביגע ליכטיגע פֿלעמעלעך. א פּיצעלע זון אויף דער ערד ...

אזוי ווערט דער דיכטער. ערגיץ־וואו אין א זאַמאָשטש לעבט א יודיש יונגעל. דורות לאַנג שפּינט און וועבט אין זיך דאָס פֿאָלק אַלערליי שטימונגען, חלומות, סודות און סימבאָלען, זיין רוח־הקודש. שיקט דער רוח־הקודש זיינע שטראַלען צו א אויס־דערוויילט האַרץ, צו א יונגעל אין זאַמאָשטש.

און עס ווערט דער דיכטער, דאָס שטראַלענדיג האַרץ פֿון זיין פֿאָלק.

א פּאָר יאָהר געהען אוועק אין השכלה, „קענטעניש" — און די וועלט בעקומט איין אנדער אויסזעהן. ס'איז שוין ניט יענע תמימות'דיגע גאָט'ס וועלט מיט איהרע אלטגעזעסענע, פֿון דור צו דור אבגעהיטע השגות. דאָס אויג זוכט, דאָס האַרץ ציהט, דער מוח גריבעלט. אנדערע תשובות אויף אנדערע שאלות. חורבות פֿון דער אלטער וועלט און ניט גאַנץ קלאָרע קאנטורען פֿון א נייער. א פּערלאַנג ארויסצוגעהן פֿון די ענגע גרעניצען פֿון שטעטעל אין דער וויט אַריין ... און פּרץ געהט מיט זיינע סודות און ספֿקות צום רעליגיאנס־לעהרער, אַנ'אַרויפֿגעקו־מענעם ליטוואַק, זיך עצה האַלטען און מיט זיין הילף קלויבט ער זיך אנטלויפֿען פֿון שטעטעל. די גוטע מאַמע מערקט עפּיס, שפּירט אז איהר קינד איז אומרוהיג, רוהט זי ניט. און אביסעל שפּעטער ווערט פּרץ א חתן.

צו 20 יאָהר האָט פּרץ חתונה געהאַט. שוין דאַמאָלסט שרייבט ער העברעאישע און יודישע שירים, דרוקט זיי אין פֿערשידענע זאַמעלביכער, און איז אַדוואָקאַט אין זיין שטעטעל. (אין רוסלאַנד האָט דאַמאלסט יעדער, וואָס האָט געקענט די רוסישע שפּראַך, געמעגט זיין פּריוואַט־אַדוואָקאַט אין די נידערע געריכטען.) ער שיילט זיך זעהר לאַנגזאַם ארויס פֿון זיין שאַלעכץ, אזוי ווי

דאָס שטעטעל וואָלט צווישען איהם און דער גרויסער וועלט א מחיצה געשטעלט.

ערשט שפּעטער, נאָך א סך יאָהרען, אין 1889, קומט פּרץ צוליב א סבה קיין וואַרשוי, (דורך א מסירה האָט מען איהם פערבאָטען צו זיין אדוואָקאַט) בעזעצט זיך דאָרט און דאָ הויבט זיך אָן זיין איינפלוס, דאָ ווערט געלייגט דורך איהם דער פעסטער פונדאַמענט פון דער נייער יודישער ליטעראַטור. מיט דער הילף פון יעקב דינעזאָהן, וואָס שטעהט זעהר נאָהנט צו איהם, גיט ער ארויס זיין „יודישע ביבליאָטעק", „יום־טוב בלעטלעך", „ליטעראַטור און לעבען" א. א. און גרופּירט ארום זיך א נייע פּלעיאַדע פון יונגע טאַלענטען.

עס מוז פערצייכענט ווערען דער קוריאָז פון זיין דיכטער־לעבען:

זייט ער האָט זיך בעזעצט אין וואַרשוי, איז ער געווען בעאַמטער אין דער וואַרשעווער גמינע ביי דער אבטיילונג פון חברה־קדישא. מיט איין האַנד האָט ער געשריבען צעטלען צו מקבר זיין די מתים, און מיט דער אנדערער אויפגעוועקט טויטע נשמות, ארייַנגעהויכט אין זיי א ניי לעבען, אויפגעשטעלט א ריי טיפּען און בילדער פון וועלכע עס בליקט ארויס דאָס אייביגע לעבען.

## זיין גייסטיג פּנים

די גאַנצע גאַלעריע קאַליקעס פון אונזערע צוויי גרויסע, מענדעלע און שלום־עליכם, איז ביי זיין דאַמאָלסט געווען אויסגעשטעלט. בטלנים, קבצנים, קהל'ס־לייט, ווינד־מענשען, פון אַלע מינים, פיגורען האַלב מענש האַלב חוזק, אָט די גאַנצע כנופיא, געיאַגט פון דער סאַטירישער בייטש פון די גרויסע שעפער, איז אריבער פאַר אונזערע אויגען אין פערשידענע פּאזעס אָבגעדעקט די שמאַטעס און ארויסגעשטעלט די מומים. און גרויס איז געווען די קראַפט פון די צוויי געשטאַלטער; יעדער טיפּ, וואָס יעדער פון זיי האָט געפאָרמט, האָט געהאַט דאָס פּנים פון דער גאַנצער־

כנסת־ישראל. דער איינציגער העלד, דער גרונד־מאטיוו, בעזונדערסט ביי מענדעלע'ן, איז געווען „ישראל'יק" — דער כלל — אין אַלע זיינע פּאָזעס. די טענדענץ: אוי זעה, יודעלע, ווי פֿערשמי־ט דיין „צלם אלהים" איז: וואַש דיך, רייניג דיך, ווער א מענש מיט מענשען גלייך: דער עולם האָט אָנגעקוקט דעם „צלם" אין האָט געלאַכט. און דאָך איז עפּיס געווען טרויריג אויפ'ן האַרצען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ביי אונז איז שוין איבערהויפּט אויסער די אַלע חוזק־פּארשוינען קיין איין איינציגער גאַנצער מענש מיט מענשליכע הוישים נישטאָ, קיין איין־איינציגע ליבטיגע געשטאַלט, וואָס לעבט און ליידט מענשליך. דער יודישער לעזער, דער בעסטער האָט טאַקי געלאַכט ביז צו טרעהרען. נאָר דער משכיל־ראַציאָנאַליסט האָט דאָ געפֿונען א „בעגרינדונג" פֿאַר זיין אבנייגונג צו די אלטע לעבענס־פֿאָרמען, וואָס עס איז בעצם אויך געווען די כונה פֿון די שעפּער, און ביי מענדעלע'ן פּובליציסטיש, קלאָר ארויסגעזאָגט.

עס ליגט אין דער נאַטור פֿון סאטיריקער, וואָס איז אין עצם קריטיקער־מוכיח, אז ער זעהט קיינמאָל נישט די ריינע טראַגיק אַליין, וואָס איז אייביג נאָר שטענדיג געמישט מיט קאמיזם, מיט עפּיס וואָס הענגט נאָך, וואָס איז צייטליך. ער זעהט נאָר יענם פּינטעלע, וואָס רייצט זיין לאַך־נאַטור, זיין בייסיגע סאַטירע און דינט אנב זיין טענדענץ, וואו זיין פֿייל קען זיכערער טרעפֿען. ער זעהט ניט, אדער וויל ניט זעהן די האַנד פֿון יחיד, וואָס זוכט קראַמפּהאַפֿט, מיט געבעט אנ'אנהאלט פֿאַר זיך, דעם אינדיווידיום אין זיין אומזיכערען קיום אין לעבען, נאָר זיין קאריקאטור־שאטען, וואָס געהט איהם נאָך, בלויז זיינע פֿעהלער, וואָס זענען מיינסטענס די פֿעהלער פֿון זיין צייט, פֿון זיין כלל. און אַזוי ווי דער סאַטיריקער־הומאָריסט בעזיצט די פֿעהיגקייט צו זעהן נאָר די לינקע זייט פֿון לעבען, די נעגאַטיווע, דערפֿאַר ווייס מען ניט וואָס ער וויל אייגענטליך פּאָזיטיוו. (מענדעלע, למשל, איז ראַציאָנאַליסט, א מענש, וואָס שטעהט מיט ביידע פֿיס אויף דער ערד, לאַכט אָב פֿון השכלה און איז אין דער זעלבער צייט דורך און דורך משכיל.) דערפֿאַר איז דער סאַטיריקער

פֿעסט בעהעפֿט מיט זיין צייט און זעהט בלויז פֿאַר זיין צייט, נישט איבער איהר, און אפֿילו נישט אַלץ וואָס אין איהר. קען ווי גרויס זיין ווערט זיין, מעג ווי מאָנומענטאַל זיין ווערק זיין — זיין וואָרט דינט נאָר זיין צייט.

איבענאויף, אויפֿ'ן פֿאָחן פֿון יודישען טאָג-לעבען אין יענער צייט, האָט זיך בולט אבגעטיילט דער אַלטער הויקער פֿון גלות-טיפּ, שאַרף אין אלע זיינע צוגען, צייטיג, איבער-צייטיג ביז צום צופֿאַלען, אין זיין אנטוויקלונג און דערביי, נעבען איהם, דער סילועט-קאריקאטור, נישט פֿאַרטיגער טיפּ פֿון נייעם משכיל' אָט דער ערשטער אלס גאַנצער, פֿערענדיגטער, האָט געדינט אַלס מאָדעל פֿאַר מענדעלע'ן און שפּעטער, אין אַנ'אַנדערן אויפֿן פֿאַר שלום-עליכם'ן. אלץ דאָס, וואָס עס האָט זיך געשפּינט דורות-לאַנג אין פֿאָלק, די טיפֿע סודות פֿון עבר, די צייכען ביז דער געגענוואַרט, די רמזים פֿון דער צוקונפֿט — דאָס אלץ האָט בעדאַרפֿט און געוואַרט אויף אַנ'אַנדער אויג.

און דאָס אויג האָט אויפֿגעהעלט: די „צוויי ברענענדיגע הבדלות" פֿון פּרץ'ן. און אַז פּרץ האָט איבערבליקט אונזער וועלט, האָט ער צוערשט נאָך אויך בעמערקט: דאָס שטריימעל, דעם רבי'נס ציבוק א. א. און אויף זיין פּנים האָט אויפֿגעשפּילט יענער סאטירישער שמייכעל פֿון משכיל-ראַציאָנאַליסט, וואָס האַלט אנגעגרייט אין דער האַנד די השכלה-פֿאַקעל. אפֿילו די יודישע שפּראַך האָט ער דאמאָלסט בעטראַכט נאָר אַלס אויפֿקלערונגס-מיטעל פֿאַר'ן פּשוט'ן המון צום הייליגען השכלה-ציעל. דאָס האָט אבער נאָר א גאַנץ קורצע צייט געדויערט, ביז פּרץ האָט אויף זיך דערשפּירט דעם רוח-הקודש פֿון זיין פֿאָלק, וואָס ווייטער, ווערט זיין פּנים ערנסטער, זיין שטערן אויפֿגעקלערטער, ביז ער בעקומט יענעם גלאַנץ פֿון אור הגנוז, וואָס האָט זיך איהם אנטפּלעקט אין יודישען לעבען. שוין ביי דער ערשטער פֿערטיפֿונג שיינט איהם א קעגען די שיינקייט פֿון פּשוט'ן המון, פֿון ארבייטער-לעבען אין זיין בוידעם אדער קעלער-שטוב (שלום-בית, אין קעלער-שטוב א. א.) ער האָט ניט געמאָלט דעם קבצן, וואָס אין איהם, דעם „טונעיאדניק", נאָר זיין תמימות,

זיין פּרימיטיווע גאַנצקייט, זיין געמיהט און דערצעהלט פון זיין לעבען מיט א טיף מיטגעפיהל צו איהם. ער האָט פאָראויסגעזעהן זיין וואוקס, זיין אויפשטייג צום טיפּוס פון א גאַנצען מענשען און יידען אין דער צוקונפט. שפּעטער האָט זיך ברייט פאַר איהם געעפענט די אַלטע וועלט, די חסידישע, קדושה, התלהבות, הייליגע תמימות (אויב ניט העבער, יוהנן מלמד א. א.) פריידיקייט צום לעבען און א בענקשאַפט דאָס לעבען פריידיג צו מאַכען. (צווישען צוויי בערג.) און צום סוף יענע שענע, ליכטיגע רעגיאָנען פון דער פאָלקס־מעשה, וואו עס הערשט א בענקשאַפט צו השלמה, צו גאַנצקייט, צו געטליכקייט אויף דער ערד, וואו ליבע איז שטאַרקער פאַר'ן טויט. (מסירת נפש.)

ניט די קאַריקאַטור פון יודען האָט ער געמאָלט, ניט דאָס קאָמישע, אבסורדע, נאָר זיינע ליכטיגע עליה־מינוטען. ניט געמוסר'ט, ניט געשונדען, ניט געבדק'ט נאָר געשילדערט מיט טיפסטער ליבע ליכט און שאָטען, צער און פרייד פון מענש און יוד. ער האָט געוויזען די וואָכענדיגע יודען, ווי די יום־טוב'־דיגע יודען אין זייער עליה און ירידה (די גאָלדענע קייט), שטאָלץ און נעביכקייט. ליבע, טרייסט, יאוש, האָפנונג, התלהבות, בענקשאַפט, דאָס איז דער לעבעדיגער מאַטעריאַל וואָס וויברירט, ציטערט, ווי צושאָטענער קוועקזילבער אין יעדער סקיצע, איבער יעדעם מעשה'לע, וואָס ער האָט געשריבען.

שטעלט מען פּרץ, מיט די אויבען־דערמאָנטע קעגען אנ'אנדער, ווערט בולט דער אונטערשיעד.

יענע: מעהר כאַראַקטעריסטישע יודישע קעפּ, מעהר גאונות מעהר מח, מעהר יודישע אורשפּרינגליכקייט, אבער פיל סקעפּטישען קריטיציזם, סארקאזם, ביטערען צער. פּרץ: מעהר פאַרביקייט, מעהר אויסשטראַלונגס־קראַפט, מעהר שירה, עקסטאז, מעהר ליבע, מעהר גלויבען אין פאָלק און זיינע פערבאָרגענע כחות.

דאָס גלויבען, די דבקות'דיגע התלהבות, אָט דער שטריך אין פּרץ'ס גייסט, איז יענער דיקער שטריך, וואָס טיילט שאַרף

פֿאַנאַנדער די צוויי תקופות אין דער יודישער ליטעראַטור.
אונטער דעם שטריך הייבט זיך אָן די נייע תקופֿה פ׳ן אויפֿלע־
בונג אין פֿאָלק, פֿון שאַפֿען פֿון איהם און פֿאַר איהם.

פּרין האָט זיך אין גאַנצען בעפֿרייט פֿון דער מחלה פֿון יענער
תקופֿה, וואָס האָט אנגעשטעקט אַלין און אלעמען: פֿון קריטי־
ציזם, בעזונדערס פֿון זיינע ליטעראַטור־פּארמען, פֿון סאַטירע
און הומאר. זיין ערנסט פּנים, זיין דורשט נאָך דערקענטעניש
פֿון לעבען און אינהאַלט, זיין אויסדרוקס־מיטעל איז געווען ניי,
רעוואלוציאנער, כמעט פֿרעמד אין קאָנטראַסט צו דעם אַלטען.
פּריץ׳ן האָט מען געמוזט נעמען ערנסט, אריינדרינגען. (ביי די
אַלטע האָט געגוגט דער הומאר). פּרין איז מיט פּינטעלעך. און
דערפֿאַר האָט זיך זיין שטים נאָך א לאַנגע צייט דורכ׳ן גע־
לעכטער ניט גענוג געהערט. דער אינטעליגענט, דער משכיל,
וואָס איז מיט העברעאישע מליצות אויף די ליפּען, שנעל
אַריבער צו דער אסימילאַציע, האָט ניט געוואָלט, ניט משיג געווען,
(עס האָט זיך אויך ניט געלוינט). אז אין יודישען לעבען זאָל
עפּיס פּאָזיטיוועס זיין. די צייט איז נאָך געווען א בין־השמשות־
דיגע, די יודישע וועלט נאָך סילועטיש, פּרין האָט עס געפֿיהלט
בחוש און האָט זיך גענייגט מיט האָפֿנונג צו די גרינע שפּראָ־
צונגען, צו דער נייער גרופּע אין יודענטום, צום ארבייטער־המון.
זיין חוש האָט איהם ניט אבגענאַרט, זיינע ערנסטע און געטרייסטע
אנהענגער האָט ער דאָרט געפֿונען.

ווי מענדעלע און שלום עליכם אַזוי אויך פּרין איז נאָך זיין
תוך ערציהער און דעמאָקראַט. יענע: נאָכ׳ן אַלטען שטייגער,
איין מעטאָד פֿאַר׳ן כלל, איין תורה. פּרין איז ערציהער נאכ׳ן
נייעם אינדיווידועלען מעטאָד, בעטראַכט און פֿערטיפֿט זיך אין
דער פּסיכיק פֿון יעדען יחיד בעזונדער. יענע: אלט יודישע
בעל־בתי׳שע דעמאָקראַטען, בעלי רחמנות, יושר־מענשען. פּרין:
דעמאָקראַט פֿון נייעם שניט, בעוואוסט, אידעאַליסטיש, צוקונפֿטס־
מענש. אין דעם ליגט אויך דער סוד פֿאַר וואָס די אלע דריי,
בעהערשענדיג די העברעאישע שפּראַך ווי קיינער, זענען דאָך

אריבער צו דער יודישער שפראך, די שפראך, פון די ברייטע מאסען.

## כאראקטער און סטיל

אויב זיין טאטע דער מתנגד און דער גייסט פון שטעטעל האבען בעשטימט זיין וועג, האט אבער זיין כאראקטער גע־פארמט דוקא יענע דאמינירענדע סביבה פון זיין קינדהייט, יענע גרונד־שטימונג פון זיין צייט: דער חסידיזם. יוהנן מלמד׳ס א מעשה׳לע אין בית־המדרש אונטער׳ן אויווען, דעם רבי׳נס אריינ־פאהר אין א שטעטעל האט פרץ׳ס פאנטאזיע אהן ספק שטארק בעאיינפלוסט, שטארקער אפשר ווי די גאנצע השכלה־ליטעראטור. פרץ איז אין זיין כאראקטער און סטיל שוין פון אנפאנג אימפרעסיאניסט, בעסער געזאגט, חריף. ער האט ליב ניט דאס פלאסטיש־רעאליסטישע בילד, נאר די סקיצע, די אנדויטונג, דעם רמז, דאס פינטעלע. פרץ אליין זאגט: „דער עיקר ציהען מיך און נעמען מיך די דיאלאגען, — די „שטיקלעך מיט די פאסיקלעך" ווי עס האט דעמאלסט אין דער יוגענד ביי מיר געהייסען, וואו מענשען ריידען. יעדעס פאסיקעל האט מיר אויסגעזעהן, ווי א שפעלטעל אין מענשליכער נשמה אריין. די ליבע צום דיאלאג, צום מאלען מיט דער שפראך, איז געבליבען. רעכט א מעשה פערצעהלען, האב איך מיך קיינמאל נישט אויסגעלערנט."

אין די פינטעלעך האט פרץ אריינגעלעגט זיין גאנצע קינסט־לערישע פאטענץ. די קורצקייט פון זאץ, די לייכטקייט, די ריהרעוודיקייט, ליגט פרץ׳ן אין דער נאטור, דער מקור אבער פון וואנען ער האט דעם דאזיגען אימפרעסיאניזם געשעפט, איז ניט דער אייראפעאישער נאר דער איינענער, עכט־יודישער: חסידות. יענע האלבע, נישט־דערזאגטע ווערטער פון חסיד, וואס איז ניט אזוי אויסען דעם אינהאלט ווי די שטימונג, דער קורצער יודל׳, „והמבין יבין", די פריידיקייט פון שאפען, דער ברען, די

דבקות, וואס פֿיהלט זיך ביי איהם אין יעדער שורה — אלץ קומט פֿון „איתערותא דלעילא" (געטליכער רוח הקודש) פלוצלינג, אינטואיטיוו. פֿון חסידישען מקור. דערפֿאר געפֿינט מען ביי איהם אָפֿט אַ זמר׳ל, א רקוד׳ל, סתם א ניגון׳דעל, א פֿרייליכען בים־באַם, א שטימונגס־בילד. דאָס זענען די ריינע געלייטערטע ניצוצות פֿון געהויבענעם געמיטס־צושטאנד, פֿון זיך־אין־וועלט פֿיהלען — פֿון חסידות. פּרץ איז עכטער חסיד אויך פֿון אנ׳אנדערער זייט. די וועניגע, פֿרעמדע מאטיוען, די פרעמדע אפֿילו, האָט ער מעלה געווען צו א העכערער מדרגה. אזוי ווי דער חסיד, וואָס דערהויבט דעם „וואָלאַכ׳ל" אדער די אוקראאינישע „האָפּקע" צו א העכערער מדרגה. און ניט בלויז דעם ניגון נאָר אַפֿילו דעם נאָמען פֿון מהבר, ווי למשל, פֿון דעם דייטש־יודישען קאמפּאַזיטאָר, מייער בעער׳ס אנ׳אריע, ווערט א „ניגון פֿון ר׳ מאיר בער" אין פֿאנטאזיע, געווים, א יוד אין א בעקעשע מיט א זיידענעם גאַרטעל ... דער כח פֿון חסידות — דער כח פֿון פּרץ׳ן.

ניט פֿון מולטאטולי, ניט פֿון אנאטאל פֿראנס, (אבסורד!) ווי מ׳מיינט, איז פּרץ בעאיינפֿלוסט. דער איינפלוס קומט פֿון דער גאַנצער אייראפּעאישער ליטעראַטור פֿון דער צייט. דערביי מוז מען געדענקען, אז דער מצב פֿון דער וועלט־ליטעראטור איז אזאָלכער, אז כמעט אין קיין ליטעראַטור איז נישטאָ קיין איינציגער שרייבער, וואָס זאָל ניט זיין בעאיינפֿלוסט, אויף וואָס פֿאַר אנ־אופֿן און גראַד, פֿון אַ צווייטען, פֿון דער פֿרעמדער אדער פֿון אייגענער. דער קריטערוים איז דערביי די קראפֿט פֿון שריפֿט־שטעלער, ווי ער פערדויעט עס אין דער היץ פֿון זיין שמעליץ־טיגעל. די היץ פֿון חסידות איז, ווי בעקאַנט, הויך־גראַדיג — און פּרץ איז געווען אין כאראַקטער דער היציגסטער הסיד.

ער איז אבער ניט געווען, ווי מ׳מיינט, דער ראמאנטיקער פֿון רעאַלען חסידיזם, דערצו איז ער צופיל ראציאָנאליסט אין לעבען. ער האָט בעטראכט דעם חסידיזם בלויז ווי א מאלער די הערליכע נאַטור־שפיל פֿון ניואנסען און פאַרבען. מיט דעם „אור הגנוז" האט ער געוואָלט אונזערע טונקעלע הערצער בעלויכטען.

אונזער אָרים לעבען בעשטראַלען, שטאַרקען אונזערע געפּאַ־לענע געמיטער מיט יענעם סם־חיים וואָס דאָס חסידות פֿערבאָרגט אין זיך.

ביז פּרץ'ן האָט געהערשט אין אונזער ליטעראַטור די אַלטע קונסט־מיטלען: וואָרט, מימיק, געשטאַלטונג, איבערהויפּט שפּראַך. פּרץ האָט אַריינגעבראַכט אייגענס. ביי איהם איז ניט אַזוי די שפּראַך פֿאַר זיך דער עיקר, ווי דער טאָן, ידער ריטם, דער געהיימער קלאַנג. די מענשען רעדען ביי איהם ניט שטענדיג מיט זייער אינדיווידועלער שפּראַך, נאָר מיט'ן אייגענעם טאָן, מיט'ן אייגענעם ניגון.

פּרץ איז נאָך גיט געהעריג־גענוג אַבגעשאַצט. זיין איינפֿלוס מוז און וועט נאָך זיין אויף דער נייער יודישער ליטעראַטור פֿון לאַנגער דויער, ווייל פּרץ איז דער מבשר, דער אָנזאָגער פֿון נייע מעגליכקייטען, פֿון ווייטערער אַנטוויקלונג; ווייל פּרץ האָט טויזענד סטרונעס אָנגערירט, ווען אַפּילו ניט שטענדיג פֿון זיי דעם אמת'ן טאָן אַרויסגעבראַכט, אָבער שטענדיג געלאָזט נאָך זיך אַ נאָכקלאַנג, אַ בענקשאַפֿט פֿון אַ גישט־דערזונגענעם ניגון, וואָס וועקט מוח און האַרץ, זין און נשמה.

## זיין „אני מאמין"

„מיין פֿאָלק!

געה! אַליין ווייטער און ווייטער געה! מיט אַלע בעפֿרייער, מיט אַלע צוקונפֿטס־קעמפֿער, מיט אַלע סדום־איבערקעהרער... נאָר בלייבען שטעהן מיט זיי, קענסטו נישט... די ערד וועט ברענען אונטער דיר!

די געה און בלוטיג ווייטער!

די ביסט דער שוואַכסטער און דער מינדסטער און וועסט אויס־געלייזט ווערען ערשט צו אַלערלעצט...

אַזוי לאַנג, ווי עס וועט בלוט פֿערגאָסען ווערען, די ווילען —

אונטערדריקט, א פֿליגעל — אונטערגעשניטען, — וועלען עס זיין דיינע פֿליגעל, דיין ווילען, דיין בלוט ...
דו ווערסט בעפֿרייט ווערען ערשט צו אלערלעצט, ווען דער מענש וועט בעפֿרייט זיין פֿון דער ערד! ווען פֿון מענשען־ווערם וועלען ווערען מענשען־אָדלער.

---

שטאָלצירט נישט מיט אייער רויטער פאהן, זי איז נאָר דער שוואכער אָבגלאַנץ פֿון דער בלוטיגער פֿאָהן אין דער האנד פֿון אויסדערוועהלטען פֿאָלק!...
פֿון פאלק, וואס איז פֿערשאלטען און געבענשט געווארען, אויס־געלייזט צו ווערען צו אלערלעצט, צו זיין דער אייביג בלוטענדיגער, אַמווייטסטען געהענדיגער אַנטראַג, וואס ווערט גאט אין דעם לעבען געשטעלט ...
מיט מיין פֿאלק געה איך, פֿון גלאַנץ פֿון זיין פאהן פֿלאַמט מיין נשמה און איך רוף: יודען פֿון אַלע לענדער און פֿעלקער, פֿעראייניגט אייך! ... לאנג און געפֿעהרליך איז דער וועג — האַלט אייך צוזאַמען!...״



## פֿון „מיינע זכרונות“

— — — — — — — — — — — —

מיין רוסישער לעהרער, מיט די קליינע בלאַסע אייגעלעך און מיט'ן בראָנפֿען־מויל האָט מיך געוויס נישט צוגעצויגען, זיין גרעטש־גראַמאַטיק האָט מיך נישט גענומען . . . אָבער קוים האָט דער צייטגייסט זיינע פֿליגעל צושפּרייט, דער וועלט־זייגער האָט געקלונגען, בעקום איך שכר־השכלה אויף די טונקעלע טרעפּ.— אַלע טרעפּ אין זאַמאָשין זענען טונקעלע: אויס ענגשאַפֿט. און איך בין אויף די טרעפּ איין יונגעל, מיט ברענענדיגע אויגען, אויף דריי שוועסטער מיידלעך!

און איינמאָל, איך עלוי „מאַניש״, וואָס קלער פֿון גאָר נישט, זיים פֿון גאָר נישט, לויף, אייגענטליך — פֿליה אראָב פֿון די טרעפּ, מיט דריי אָנגעשמירטע בייגעל אין קעשענע פֿאַר׳ן אָרים־בחור, אין בית־המדרש אריין, איך הער טריט אקעגען: טריט אַרויף, לייכטע, פֿלינקע! און באלד גיט מיר א שימער פֿאַר די אויגען א פּאָר ווייסע, נאַקיטע אָרעמס, גיט א בליץ פֿון א פּאָר פֿלאַמיגע אויגען, — נאַקיט ווייסע הענד וואַרפֿען זיך מיר אַרום האַלז, א הייסער אָטעם יאָגט אין פּנים אַריין... און א האַרציג געבעט:

„לאָמיר זיך ליעב האָבען, ליבוש׳ל״...

און אַז איך, — דאָס ערשטע מאָל! — שפּרינג אָב, צוטומעלט, צושראָקען, מאַכט מיין לילית, די מיטעלע צווישען די דריי שוועסטער, טיף געקרענקט, שווער בעליידיגט און שאַרף וואָרענענדיג:

„אַזוי?! געה איך צו יונה׳ציען... אין רייט־שול אַריין!״

זי ווייסט, וואו יונה׳ציע איז... און ליעב האָבען מוז זי. בעפֿאַלט מיך א שרעק פֿאַר איהר, שריי איך אויס:

„חס ושלום! ווילדע ציגע, זאָלסט דיך נישט דערוועגען!

א... א פּאַסקודניאַק!״

„האָב זשע דו מיך ליעב!״

מוז איך בעשטעהען...

קוש מיר זיך גאַריש־קינדיש מיט נעמאַכטער היץ... איהרע אויגען אפילו — לעשען זיך, די אַרומגעוואָרפֿענע הענד — קיהלער, שלאַבערינער געוואָרען, פֿילייכט דאַרף זי ליעבען, אָבער נישט מיך...

און דאָך, מען טרעפֿט זיך, מען קושט זיך... אַז אָב־גערעדט! און לילית פֿערלאַנגט, און מאַניש שווערט... נישט

אזוי הויך ! עס קומט נישט אזוי ווי יט, עס ענדיגט זיך דעריבער נישט מיט'ן „בעזים אין דער הויך", און די בעגעגענישען ווערען וואָס אמאָל זעלטענער . . . ווייל —

ווייל עס געהט נישט אוועק א וואָך, און איך טרעף מיך מיט דער עלטערער, מיט מיין כלה פון דער חורבה. מיר בלייבען ביידע שטעהען, ביידע עפּיס גערירט, אומשולדיג־ליעב בעוועגט, קוקען זיך, נעגענזייטיג, קינדיש שטיל און ליעב, אין די אויגען אריין. א פּויזע. זי רייסט זי איבער די ערשטע :

„ווייסט וואָס, ליבושיל, דארפסט לערנען. . ."

און שטאָקט א ביסעל און ענדיגט :

„פּויליש !"

ענפער איך, עפּעס מאָדנע שטיל, אליין ניט וויסענדיג פאַר וואָס :

„לעזען קען איך !"

און ווירקליך — אויסגעלערנט זיך אין בית־המדרש, אויף טונגענדהאָלדים : „וואָלנאָ דרוקאָוואַיך" פון די שערים אראָב, ווי שפּעטער עפּיס דייטש און רוסיש. . . פרעגט זי, צי איך וועל פערשטעהן ?

„אוודאי !" פּאסט אנדערש, אז א מיידעל פרעגט ? וועט זי מיר א ביכעל בארגען, זי וועט מיר געבען קאָרושעניאָווסקי'ס „קאָליקאַציע". אויב איך וועל עפּיס פּאָרט נישט פערשטעהן זאָל איך אריין קומען, זי פרעגען, ווערט מיר עפּעס ווארים, ארום האַרץ :

„אדרבא ! אוודאי וועל איך נישט אלין פערשטעהן !"

און גיב צו מיט פרייד :

„און איך וועל דיך לערנען לשון־קודש".

גוט!" און רייטעלט זיך און ווייטער א פויע, איך רייב
איבער, און פרעג, און עפעס נישט מיט מיין קול, נאך שטילער־
ווי פריהער:

„ביסט אויף מיר בייז?"

זי פרעגט, מבלומרש'ט פערוואונדערט:

„פאר וואס?"

„פון חתן־כלה שפיעל... פאר'ן שטיינדיל!"

זי איז עס מבטל:

„אי־יי!"

האט שוין לאנג פערגעסען... אבער צייכען האט זי נאך.
גענעהנט מיר די באק:

„זעהסט?"

מינקעל, שווער צו זעהען, לעג איך צו א ציטעריגען
פינגער און בעריהר, קוים, קוים... זי רייטעלט זיך.

„ווילסט — מאכט זי ליעב קינדיש — מעגסטו אויף
דעם ארט א קיש טון!"

לעג איך די ליפען צו, ציטערן זיי מעהר פאר'ן פינגער!
זי נעמט דעם קאפ צוריק, און געריהרט:

„ווייסט, א האר ווען די טרעפסט העכער, וואלט מיר
אויסגעריסען אנ'אויג".

„חס ושלום!"

„יא, יא! דער טאטע זאגט און די מאמע זאגט" און, עפעס
טרויעריג שמייכלענדיג:

„און ווער וואלט מיך גענומען מיט איין אויג?"

שריי איך אויס:

„איך! איך!"

זי פרעגט, עפעס נאכטראכטענדיג:

„און וואָלסט מיך ליעב געהאַט מיט איין אײג ?"

שריי איך אויס:

„אייביג, ווי איך בין א יוד !"

און נעם זי ארום און דרוק זי אַזוי האַרציג צו צום האַרץ, און וואונדער מיך: וואָס טו איך? און ווי קומען צו מיר די ווערטער, און דאָס צערטליכקייט? און די שטימע, — וואָס ציטערט זי אזוי, די שטימע? און דאָס מיידעל וואָס ציטערט אַזוי? און וואָס לייכטען איהר אַזוי די אויגען אין דער פֿינסטער?

— — — — — — — — — — — — — — —

# דער דיכטער, דאָס בוך און דער לעזער

## א

צוויי בערג: דער באַרג גריזים און דער באַרג עבל. אויף איין באַרג ווערט געבענשט, אויפ׳ן צווייטען געשאָלטען.

און געבענשט ווערט דער, וואָס היט גאָטס געבאָט און געהט אין זיינע וועגען, און פערשאָלטען ווערט דער אָבטריניגער, וואָס היט נישט גאָטס געבאָט, וואָס איז איהם ווידערשפּענסטיג. די ברכה איז: געבענשט זאָלסטו זיין אין שטאָדט און געבענשט אין פעלד. און געבענשט זאָל זיין די פרוכט פון דיין לייב און די פרוכט פון דער ערד און די פרוכט פון דיין פיה און דאָס אָבוואַרפעניש פון דיינע רינדער און די סטאַדע פון דיינע שאָף, זאָל די ברכה אַריין אין דיין מולטער און אין דיין קאָרב, און אין אַלעס, צו וואָס דו שטרעקסט אויס דיין האַנד...

דעם גוטען וועט גאָט געבען טוי פון הימעל און פעטס פון דער ערד. אָבער איבערן קאָפּ פון אָבטריניגען וועט זיין דער הימעל קופער, די ערד אונטער זיינע פיס אייזען. פערשאָלטען וועט ווערען די פרוכט פון זיין לייב און די פרוכט פון זיין פיה. פערשאָלטען וועט ער זיין אין שטאָדט און אין פעלד...

אַ פעלד וועט ער בויען און אַן׳אַנדערער וועט צונעמען דעם שניט. אַ וויינגאָרטען וועט ער פלאַנצען — אַ פרעמדער וועט טרינקען דעם וויין. איהם אין די אויגען וועט מען קוילען זיין אָקס און ער וועט פון זיין פלייש נישט עסען.

— — — — — — — — — — —

אַזוי די ברכה, אַזוי די קללה ווערען מקוים אויף דער ערד.

אַ געשלעכט קומט, אַ געשלעכט געהט — אייביג שטעהט די ערד. און וויל דער מענש זיך אין דער אייביגקייט בעהעפטען, מוז ער זיך בעהעפטען צו דער ערד. פון שטויב פון דער ערד קומט ער, צום שטויב פון דער ערד געהט ער צוריק. און בויט ער אַ טורם און שפּאַרט זיך אין הימעל אַריין, ווערען די שפּראַכען צומישט און די בויער צושטרייט און צוזייהט איבער דער ערד.

אין דעם פערפולען די ערד בעשטעהט די אויפגאַבע פון מענש און נאָר אין דער פאָרטפלאַנצונג, אין שטענדיג ניי געבוירען, אין קינדער און קינדסקינדער בעשטעהט זיין אייביגקייט.

איז דעריבער די הערשאַפט איבער אַ לאַנד דאָס גרעסטע גליק; קינדער און קינדסקינדער, די האָפנונג אויף שטאַמען און פעלקער — דער שענסטער חלום פון דער אייביגקייט.

פערוואָגעלט צו זיין איז די גרעסטע שטראָף: נע ונד איז קין, דער מערדער פון זיין איינציגען ברודער.

און די גרעסטע שטראָף איז כרת ועריִרי — אָבגעשניטען צו ווערען פון אייביגען לעבען: דורכגעהן די וועלט ווי אַ שאָטען און פערשווינדען צו ווערען, און די גרעסטע טראַגעדיע אין דער פאַמיליע איז קינדערלאָזיגקייט. און די הערין, וואָס גאָט האָט פערשלאָסען איהר טראַכט, גיט איבער דעם האַר דעם פּאַטריאַרך די דיענסט, די פאַמיליע זאָל נישט אויסגעמעקט ווערען אויסען בוך פון לעבען. און ווערט די דיענסט געבענשט און דאַרף געווינען, נעמט זי די הערין אויף איהר שויס, פיליכט ווערט זי געבויט ווערען פון איהר.

## ב

און אויף עבל ווי אויף גריזים ווערט גערעדט נישט צום איינצעלנעם מענש, נאָר צום פֿאָלק, געבענשט און געשאָלטען ווערט דאָס פֿאָלק, דער איינצעלנער מענש, ווען ער ווערט גע־פלאָגט מיט איוב׳ס קרענק, מיט אנ׳אומהיילבארען אויסזאַץ, ווערט אַרויסגעטריבען מחוץ למחנה... זאָל זיין גאָטס שטראָף, זאָל זיין אַ בריעף פֿון גאָט, דאָס איז זיין זאַך. די פֿעטע ערד, מיט׳ן טוי פֿון הימעל, מיט רעגען צו דער צייט, וואָס גאָט׳ס אויג איז אויף איהר געווענדט פֿון אָנהויב יאָהר ביז ענדע יאָהר איז פֿערשפּראָכען דעם פֿאָלק...

די ערד ווערט צוטיילט צווישען שטאַמען — צווישען פֿאַמיליען, די פֿאַמיליען־פֿעטער הערשען איבער די הייזער, די עלטסטע איבערן שטאַם, איבער אַלע שטאַמען — איין גאָט!

און ווען אַ פֿאָטער פֿון אַ פֿאַמיליע שטארבען און נישט איבערלאָזען קיין מענליכען זאָמען, וועט זיך משה שטעלען פֿאַר גאָט און מיהען זיך פֿאַר איהם, זיין נאָמען זאָל נישט פֿערהילכט און פֿערגעסען ווערען, און זיין נחלה וועלען זיינע טעכטער בעקומען, און די בנות צלפחד וועלען האָבען אַ פרשה אין דער תורה. און שטאַרבט ווער אין גאַנצען אָהן קינדער, גאָר אָהן לעבעדיגען זאָמען, זאָל זיין ברודער זיך מיט דער אלמנה בעהעפֿטען און לעבעדיג מאַכען זאָמען, דעם געשטאָרבענעמס נאָמען זאָל בלייבען אויף זיין נחלה און זאָל ווייטער קלינגען אין דער אייביגקייט.

אַ מענש לעבט פֿאַר׳ן פֿאָלק, פֿאַר קינדער און קינדס־קינדער. דאָס איז דאָס אייביגע לעבען פֿאַר׳ן מענש: די פֿאַמיליע, דער שטאַם, דאָס פֿאָלק — קענען אייביג לעבען אויף דער ערד...

און משה, וואָס האָט אין גאָטס נאָמען אַרויסגעצויגען דאָס פֿאָלק פֿון מצרים, בעפֿרייט פֿון קנעכטשאַפֿט, פֿיהרט עס איבערן סטעפּ צום געבענשטען לאַנד, און חלומ'ט פֿאַר איהם אַ גן עדן אויף דער ערד, אינ'ם געבענשטען לאַנד.

עס וועט זיין אַ לאַנד, וואָס פֿליסט מיט האָניג און מילך.

אַרבייטען מוז דער מענש, נאָר די אַרבייט זאָל איהם קיין פלוך נישט זיין. שבתים און ימים־טובים צו רוהען, פֿאַר'ן הער, פֿאַר זיין הויזגעזינד, פֿאַר זיין דינערשאַפֿט, פֿאַר זיין פֿיה און פֿאַר זיין ערד . . . די ערד האָט נאָך איהר שמטה, דאָס זיבענטע פֿרייע יאָהר.

און יעדער אַרבייט אויף זיך. די ערד ווערט צווישען אַלע פֿערטיילט. און קיינער קען נישט פֿערלירען זיין ערד, גאָטס איז די ערד, גאָט שטעלט די גרעניצען צווישען פֿעלקער, דאָס רעכטע לאַנד האָט ער פֿערזאָגט זיין אויסדערוועהלט פֿאָלק, און גאָטס ערד קען איינער דעם צווייטען אויף אייביג נישט אָבטרעטען: יובל געהט די נחלה צו איהר בעל־הבית, וואָס האָט זי על פי גורל פֿון גאָטס האַנד בעקומען.

און אַ פֿריי פֿאָלק זאָל עס זיין. דער אַליינהערשער איז גאָט. דאָס געזעץ איז פֿון גאָט. צווישען פֿאָלק און גאָט שטעהט שבט לוי, דער לוי בעדיענט דעם כהן, און דער כהן בעדיענט גאָט אינ'ם טעמפּעל און לעגט אויס דעם פֿאָלק דאָס געזעץ, און לערנט איהם און ענפֿערט זיינע פֿראַגען און איז מקריב זיינע קרבנות און בעט פֿאַר איהם און איז איהם מוחל די זינד אין גאָטס נאָמען, אויב די זינד איז נאָר קענען גאָט. איז געקירצט געוואָרען אַ מענש, מוז פֿריהער אָבגעגעבען ווערען דאָס גע־רויבטע, דאָס אויסגענאַרטע, מוז דער, וואָס האָט געליטען, פֿערגיטיגט ווערען און דערנאָך ערשט וועט גאָט שענקען די

ינד. דער שטאַם, וואָס שטעהט צווישען פאָלק און צווישען גאָט, האָט פאַר דאָס קיין רעכט נישט אויף אייגענטום, קיין פעלד און אַקער.

דעם אַרבייטער געהער די ערד, די גייסטיגע אַריסטאָקראַטיע וועט ווי אין עגיפּטען דאָס פאָלק פון אייגענטום נישט בערויבען . . . און קיין הערשער, קיין קעניג מיט זיין הויף — נישט פערקנעכטען.

דער הערשער איז גאָט . . . און עס וועט נישט זיין קיין אָבגרונד צווישען אָרים און רייך — די נחלה קומט צוריק. שמטה — אַלע שייערן זענען אָפען פאַר אלע, און איבער דער גאַנצער צייט — לקט שכחה ופאה, און מעשר עני. און פאַלט ווער, און מוז זיין אַרבייט פערקויפען, נאָר זעקס יאָהר דיענט ער, אויפ'ן זיבענטען ווערט ער פריי; אוים קנעכט.

און אַלע זענען גלייך, אַלע זענען ברידער . . .

די היימישע פעלקער, וואָס האָבען זיך פערזינדיגט פאַר גאָט, ווערען פערטריבען, עמלק דער ערנסטער, — אויסגעמעקט. איין גאָט, איין געזעץ, איין פאָלק און איין לאַנד. און דער פרעמדער וועט אויך געניסען פון דער פרייהייט און פון דער ברודערשאַפט. האָב ליעב דיין חבר ווי דיך אליין און האָב ליעב דעם פרעמדען, געדענק, אַז אַ פרעמדער ביסטו אין מצרים געוועזן. איין געזעץ פאַר אַלע. אויסער קרבן פסח. אין דעם קאָן דער פרעמדער קיין טייל נישט נעמען, ער איז פון מצרים נישט אויסגעלייזט געוואָרען.

און דו וועסט נישט רויבען, נישט טויטען, נישט נענאַרען, און קיין נוקם ונוטר נישט זיין. און ווערט דיין ברודער אָרים, שטיץ איהם. און פערבלאָנזעט דיין פיינדס אייזעל, פיהר עס איהם אָב. און זיי באַרמהערציג קעגען אלמנות און יתומים. איך

בין דער נאָט פון אלמנות און יתומים, זאָגט גאָט, און אָבגע־
זונדערט זאָלסטו זיין און הייליג, דען אָבגעזונדערט און הייליג
איז דיין נאָט . . .
ערד — נאָר גערעכטינקייט, הייליגקייט און ברודערשאַפט
אויף דער ערד, אַראָבגענומען דעם פלוך פון דער אַרבייטן
פערקלענערט ביז נאָר דאָס ליידען, פערהייליגט און מיט ליעב־
שאַפט בעשטראַהלט דאָס לעבען.
א גן עדן אויף דער ערד.

---

אזוי האָט משה געחלומ׳ט פאַר זיין פאָלק דעם חלום
פון א גן עדן אויף דער ערד . . .
ער האָט די ערד נישט געזעהן.
פיערציג יאָהר האָט ער געפיהרט זיין פאָלק אין סטעפ,
עס זאָל אויסשטארבען דאָס קנעכטישע געשלעכט, וואָס האָט
געדיענט מצרים, א פריי פאָלק וועט ער אריינפיהרען אין לאַנד
— אָבער אויך ער אליין האָט נאָר פון וויטענס דאָס לאַנד
מיט די קערפליכע, ווי ער האָט דעם חלום מיט די גייסטיגע
אויגען געזעהן . . .
נישט דער גאַנצער חלום איז מקוים געוואָרען, און דער־
טייל — אויך נישט אויף לאַנג . . .
נישט אויסגעמעקט איז געוואָרען עמלק, נישט פערטריבען
אלע זיבען אומות, וואָס האָבען פערנומען דאָס לאנד, נישט
אָבגעזונדערט איז געבליבען דאָס אויסדערוועהלטע פאָלק . . .
און נישט נאָר אליין איז דער הערשער געוועזן, און נישט
לאַנג איז דער כהן געשטאַנען צווישען איהם און זיין פאָלק...
נישט אלע האָבען ערד בעקומען . . .

און אנ'אייביגער קריעג איז געשטאנען מיט פלשתים און אנדערע פעלקער אין לאנד.

און דאס פאלק האט א קעניג פערלאנגט, וואס זאל פיהרען זיינע מלחמות . . . און צוזאמען מיט'ן קעניג האט זיך בעוויזען דער הויף, די קריעגסהערען, דער ברודער־קריעג און מיט זיי אלע סאציאלע ליידען: ארימקייט, קנעכטשאפט הונגער און נויט.

און איבערגערוקט זענען געווארען די גרענעצען צווישען אייגענטום און אייגענטום און פערשלונגען האט דאס גרויסע אייגענטום — דאס קלענערע און פערשוואונדען זענען געווארען פאמיליען פון זייער ערד און פרעסיג און זויפיג איז געווארען דער כהן, און טעמפעל רייסט זיך אריין דער הענדלער, דאס הייליגטום ווערט פערשוואכט, די איינינונג צוריסען, דער בונד צווישען גאט און פאלק פלאצט און בלוט און שאנד פערדעקט די ערד.

און ארום וואקסען פעלקער אויף דער שווערד, דאס קליינע לאנד ווערט א בלוטיגער וועג צווישען קריעגערישע ארמעען פון פרעמדע פעלקער און דערנאך די ארענע פאר זייערע שלאכטען, און פערטריבען ווערט דאס פאלק, פון גן־עדן פערוואגעלט.

נישט נאר מענשען —, אויך פעלקער קענען פאר זיך אליין נישט לעבען. . . . . . . אויסגעלייזט מוז ווערען די וועלט.

און איז גערעכטיגקייט די אויסלייזונג פון שמערץ און פיין, מוז די גערעכטיגקייט הערשען איבער דער וועלט, און אויפ'ן ארט פון ווייבערישען קעניג און פרעסיגען כהן בעקומט די הערשאפט איבער די געמיטער דער נביא, וואס פרעדיגט פאר דער וועלט, וואס רעדט אינ'ם נאמען פון גאט און זיין

גערעכטיגקייט צו דער וועלט. דער אַמולעט, וואָס איז אַמאָל געוואָרען דער פֿאַמיליען־גאָט, דער גאָט פֿון אברהם, איז דערנאָך געשטיגען צו דער הויך פֿון אַ פֿאָלקס־גאָט, וואָס האָט געמאַכט דעם אומגעהויערן שריט פֿון אלהי אברהם, יצחק ויעקב צו אלהי ישראל, וועט באַלד זיין איינגען־נאָמען, וואָס טיילט איהם אָב פֿון אנדערע געטער און אַנדערע פֿעלקער אין אַנדערע לענדער, פֿערלירען, דער נאָמען וועט פֿערווערט ווערען, אַז ער זאָל איבער קיין ליפען נישט קומען, ווייל ער ווערט געהויבט און געקרוינט צום וועלט־גאָט, וואָס ער דאַרף קיין נעמען נישט, — ווייל ער איז דער איינציגער און נישט איבער לאַנד רעגירט ער, און נישט פֿאַר איין פֿאָלק איז גילטיג זיין געזעץ, און נישט צו איין שטאַם רעדט אין זיין נאָמען דער פּראָפֿעט. און וויל דער פּראָפֿעט צו נגוה נישט געהן, דאָס פֿרעמדע פֿאָלק נישט וואָרענען פֿאַר דער שטראָף, אַנטלויפֿט ער פֿאַר גאָט אויף אַ שיף, יאָגט איהם נאָך גאָט׳ס צאָרן, וויל די שיף אונ־טערגעהן, וואַרפֿט מען דעם פּראָפֿעט אין וואסער אַריין, שלינגט איהם איין דער פֿיש.

אַלע וואָס רופֿען אין גאָטס נאָמען זענען אויסדערוועהלט — זאָגט דער פּראָפֿעט — אויסדערוועהלט איז דאָס פֿאָלק נאָר צו קינדיגען גאָטס וואָרט דער וועלט. אויסדערוועהלט איז ציון, כדי פֿון דאָרט זאָל אַרויסגעהן דאָס געזעץ פֿאַר דער וועלט, פֿון ירושלים זאָל אַרויסגעהן גאָטס וואָרט צו דער וועלט.

און ווערט דאָס פֿאָלק צושפּרייט און צוזייט און ליידט אין גלות, געהט די שכינה מיט איהם מיט און ליידט מיט איהם אין גלות צוזאמען. צו קליין וועט זיין כנען פֿאַר גאָטס קינדער׳ אָבער דאָס לאַנד וועט זיך צושפּרייטען איבער אלע לענדער.

און איז נאָט דער נאָט פֿון דער וועלט און ווערט זיין פֿאָלק אַ צושפּרייט פֿאָלק איבער דער וועלט, מוז קומען דער אויסלייזער פֿאַר דער וועלט, מוז קומען אַ משיח פֿאַר דער גאנצער וועלט.

דאָ הערט אויף שוין דער חלום פֿון דער ערד; דער פֿליך און דער רעגען פֿון דער ערד... מיר שפּארען זיך אין הימעל אַריין...

עס הויבט זיך אָן אַ חלום פֿון אייביג לעבען: גן־עדן, תחית־המתים...

# שלום בית

חיים איז אַ טרעגער.

אז ער גייט דורך דער גאַס איינגעהויקערט אונטערן קאַס־טען סחורה, זעט מען אים נישט אַרויס; עס דאַכט זיך, אז דער קאַסטען גייט אַליין אויף צוויי פֿיס... דאָס שווערע אָטעמען הערט זיך דאָך פֿון ווייטנס!

דאָך — אַט לייגט ער אָפּ די לאַסט, בעקומט זיינע עט־ליכע גראָשען; ער גלייכט זיך אויס, אָטעמט אָפּ, בינדט אָפּ די פּאָלעס. ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פֿון פּנים, גייט גלייך צום ברונען, טוט אַ פּאָר שלוק וואַסער און לויפֿט אין אַ הויף אַריין.

ער שטעלט זיך נעבען אַ וואַנד, הויבט אויף דעם ריעזען קאָפּ אַרויף, אַז דער שפּיץ באָרד מיט דער נאָז, מיט זיין ראַשעך פּנים היטעל, קומען אויס אויף איין שטח.

ער רופֿט:

„חנה!"

פֿון אונטערן דאַך עפֿענט זיך אַ קליין פֿענסטערל און אַ קליין וויבריש קעפּעל אין אַ וויסען טשיפּיק ענטפֿערט:

„חיים?!"

דאָס פּאָר־פֿאָלק קוקט זיך נאָגין צופֿריעדען אָן; די שבנים זאָגען: זיי קעטשקען זיך. חיים וואַרפֿט אַרויף זיין פֿער־דינסט, איינגעוויקעלט אין אַ שטיקעל פּאַפּיער; חנה כאַפּט עס אין דער לופֿט; עס איז איהר נישט דאָס ערשטע מאָל.

„א בריה נפלאה!" מאכט חיים, און האָט גאָר קיין חשק נישט אוועק צו געהן.

„געה, געה, חיים! — שמייכעלט זי, — איך קען מיך נישט ריהרען פון קראנקען קינד... איך האָב צוגעשטעלט די וויעגעל צום קוימען... מיט דער האנד שוים איך און מיט פים וויעג איך"...

„וואָס מאכט עס, נעביך?"

„בעסער!"

„געלויבט איז גאָט! און הענע?"

„ביי דער נייטאָרין!"

„יאסל?"

„אין חדר".

חיים לאָזט צוריק אראָב די באָרד, געהט אוועק און הנה קוקט איהם נאָך ביז ער ווערט איהר פערשוואונדען.

דאָנערשטאָג און פרייטאָג דווירט עס לענגער.

„וויפיעל האָסטו דאָ אינ'ם פאפיער'ל?" פרעגט הנה.

„צוויי און צוואנציג גראָשען".

„איך האָב מורה עס איז ווענינ!"

„וואָס דארפסטו דען, הנה?"

„פאַר א זעקסער שמירעכץ פאַר'ן קינד, פאַר עטליכע גראָשען ליכט. חלה האָב איך שוין... פלייש אויך, אנדערט-האלבען פונט... נו — בראָנפען אויף קדוש!... הייגט דארף מען נאָך עטליכע דרעגגלעך!"

„דרעגגלעך וועל איך דיר שוין שאפען, עס מוז זיין אויפ'ן מארק."

„דארף איך נאָך"...

און זי רעכענט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שבת.
סוף כל סוף בלייבט: אז מען קען קדוש מאַכען איבער חלה, און אז
אָהן אַ סך זאַכען איז זיך גאַנץ לייכט צו בעגעהן.

דער עיקר איז — בענטש־ליכט, אויך די זאַלב פאַר'ן קינד!

און פונדעסטוועגען, אז גאָט העלפט, די קינדער זענען
געזונד, די מעשענע לייכטער — נישט פערזעצט, בפרט אויב
עס איז דאָ נאָך אַ קוגעל — האָט דאָס פאַר־פאָלק גאָר אַ
פרעהליכען שבת!

וואָרען חנה איז אַ בריה נפלאה צום קוגעל!

שטענדיג פעלהט איהר עפּיס, דאָ מעהל, דאָ אייער, דאָ
פעטס, און צום סוף קומט אַרויס אַ פעטער, אַ זיסער, אַ מחיה־
דיגער קוגעל; ער צוגעהט פשוט אין אַלע אברים!

„דאָס קאָכט דער מלאך" זאָגט חנה און שמייכעלט
פאַר נחת.

„יאָ, אַ מלאך, אודאי אַ מלאך! — לאַכט חיים — דו
מיינסט, אַז דו ביסט אַ קליינער מלאך, אַז דו האַלטסט אויס
פון מיר און פון די קינדער... וויפיעל מאָל טוען זיי דיר אָן
צרות, איך ווער אמאָל בייז... נו, איך הער עפּיס אַ קללה פון
דיר ווי אַנדערע ביי די ווייבער?"

„און באשר, דו האָסט אַ סך נחת פון מיר? די און די
קינדער געהן נאַקעט און באָרפוס... צו וואָס טויג איך? נישט
צו קדוש, נישט צו הבדלה, איך קען אפילו נישט רעכט קיין
זמירות זינגען"...

„ביסט פאָרט אַ גוטער טאַטע, און אַ גוטער מאַן! —
האַלט זיך חנה ביים איהריגען, — אַזאַ יאָהר אויף מיר, און
אויף כל ישראל... איך זאָל מיך גאָר עלטערן מיט דיר, רבונו
של עולם!"

און דאָס פּאַר־פֿאָלק קוקט זיך אין די אויגען אריין אַזוי גוט, אַזוי ווארעם, און אַזוי מיט׳ן גאַנצען הארץ, אז עס דאכט זיך, זיי זענען ערשט פֿון אונטער דער חופּה אַפּיר . . .

עס ווערט נאָך פֿריילּיכער ביים טיש . . .

נאָר נאָכ׳ן שלאָף, נעהט חיים אין קליינעם שולעכ׳ן אריין הערען תורה.

דארט לערנט א מלמד מיט׳ן פּראָסטען עולם אלשיך. עס איז היים, די פּנים׳ר זענען נאָך פֿערשלאָפֿען; איינער כאפּט נאָך א דרימעל, דער צווייטער לאָזט ארויס א הויכען גענייץ; נאָר ראפּטים, ווען עס קומט צום רעכטען אָרט, מען שמיעסט פֿון יענער וועלט, פֿון גיהנם, וואו מען שמייסט די רשעים מיט אייזערנע ריטער, פֿון ליכטיגען גן־עדן, וואו די צדיקים זיצען אין גאָלדענע קרוינען און לערנען תורה ... דעמאָלט ווערען אלע אויפֿגעלעבט; די מיילער — אָפֿען, די פּנים׳ער — רויט ... מען הערט זיך איין אהן א טעם, וואָס עס וועט זיין אויף יענער וועלט!

חיים שטעט געוועגליך ביים אויוען. ער האָט טרעהרען אין די אויגען, עס ציטערן איהם הענד און פֿיס; ער איז אין גאַנצען אויף יענער וועלט!

ער ליידט צוזאַמען מיט די רשעים; באָדט זיך אין הייסער סמאָלע; ער ווערט געוואָרפֿען כף־הקלע, קלויבט שפּענער אין ווילדע וועלדער ... אלץ לעבט ער דורך, און עס בעדעקט איהם דער קאַלטער שוויס ... פֿאַר דאָס האָט ער שפּעטער נחת גלייך מיט אלע צדיקים: דאָס ליכטיגע גן־עדן, די מלאכים, דער לויתן, דער שור־הבר, און מיט אלע גוטע זאכען, שטעלען זיך איהם פֿאַר אזוי לעבעדיג און אזוי בולט, אז ווען דער

מלמד ענדיגט, גיט א קוש און פֿערמאכט דאס ספר, כאַפּט ער זיך אויף ווי פֿון א חלום, טאקי ווי פֿון יענער וועלט.

„אך, — כאפּט ער שווער דעם אָטעם, וואָס ער האָט איינגעהאלטען ביי דער גאנצער צייט — רבונו של עולם! כאָטש א שטיקעל, כאָטש א פּיצעל, כאָטש א בראָקעניו עולם־הבא ... פֿאר מיר, פֿאר מיין ווייב, און פֿאר אלע מיינע קינדערלעך!"

און דעמאָלט ווערט ער טרויריג; ער פֿרעגט זיך: מישטיינס געזאָגט, פֿון וואָס, פֿאר וואָס? ...

איינמאָל איז ער נאָכ'ן לערנען צוגעגאנגען צום מלמד:

„רבי, — זאָגט ער און זיין קול ציטערט — גיט מיר עצה, איך זאָל זוכה זיין צו האָבען עולם הבא!"

„לערן, מיין קינד, תורה!" הערט ער א תשובה.

„איך קען נישט!"

„לערן משניות ... עין־יעקב, כאָטש פּרק ..."

„איך קען נישט!"

זאָג תהלים!"

„איך האָב קיין צייט נישט!"

„דאווען ערנסט!"

„איך פֿערשטעה נישט וואָס איך דאווען!"

דער מלמד קוקט איהם אָן מיט רחמנות:

„וואָס ביסטו?" פֿרעגט ער.

„א טרעגער".

„גה, זיי משמש תלמידי הכמים."

„וואָס הייסט?"

„טראָג, למשל, אלע פֿארנאכט אין בית-המדרש אריין א פּאָר קאנען וואסער, די לומדים זאָלען האָבען צו טרינקען ...

חיים ווערט דערפרעהט.

„רבי, — האָט ער ווייטער געפרעגט — און מיין ווייב?“

„אז דער מאן זיצט אויף א שטול אין גן־עדן, איז דאָס ווייב זיין פיסענבענקעלע.“

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אז חיים איז אהיים געקומען הבדלה מאכען, איז חנה געזעסען אין געזאָגט: „גאָט פון אברהם“. אז ער האָט זי דערזעהן האָט איהם עפּיס אנגעכאַפּט ביים הארץ.

„נייז, חנה — פאלט ער צו איהר צו — איך וויל נישט דו זאָלסט זיין מיין פיסענבענקעלע... איך וועל מיך אראָבבויגען צו דיר, איך וועל דיך אויפהויבען און זעצען דיך נעבען מיר, מיר וועלען צוזאַמען זיצען אויף איין שטול, ווי אצונד...

עס איז אונז אזוי גוט צוזאמען; הערסט, חנה, דו מוזט זיצען מיט מיר אויף איין שטול... דער רבונו של עולם וועט מוזען בעשטעהן!

# אין קעלער־שטוב

אבילד

א גרויסע קעלער־שטוב, פול מיט בעטען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פריידה די האלאדריניכע שלאפט שוין לאנג אויף איהר קאסטען, אין איהר ווינקעלע צווישען אויווען און וואנד. זי האט זיך היינט פריה געלעגט, ווייל עס איז מארגען יריד אין א נאהנט שטעדטעל, דארף מען אויפשטעהן פריה און ארויספאהר'ען מיט דער מאזש. זי שלאפט דאך אומרוהיג — זי וועט האבען צרות צרורות מיט'ן געלעגענהייט: זי האט בעדונגען דעם בעל־עגלה, ער זאל זי אויפנעמען מיט א קליין פעסעל, און נאך פאר'ן איינשלאפען האט זי א ישוב געהאט, אז עס איז גלייכער מיטצונעמען דאס גרויסע פאס. זי האט זיך לאנג אומרוהיג געווארפען אויפ'ן געלעגער: „א בייז מויל א יודענע האט — האט זי זיך אויף זיך אליין געבייזערט — ארויסגעכאפט זיך: „כ'קליינע פעסעל"! נאך וואס? נאך ווען? דעם בעל־עגלה'ס דאגה? ער וועט דארפען מפיים זיין די פערד מיט נאך א ביסעל האבער?" אזוי ווארטשענדיג אויף דער מאוסער צונג, וואס א אשה האט, איז זי קוים איינגעשלאפען. פון אונטערן איבערבעט שטארט ארויס א רויט קאפענטיכעל, וואס פאלט איהר אראב ארום פנים, ווי א רעמיל ארום דער שפיצינער, בלאליבער נאז. זי אטעמט שווער. זי מוז האלטען די בייגיגע הענד אויפ'ן אלטען הארץ; גאט ווייסט, וואס עס חלומ'ט איהר! אפשר

ווארפֿט זי דער בעל־עגלה אוועק, און זי בלייבט א האלב יאָהר אהן פרנסה!

דער ווינקעל געגענאיבער געהער צו יונה־וואסערטרעגער. דאָס ווייב מיט צוויי קינדער שלאָפֿען אין איין בעט און ער מיט'ן עלטערן חדר־יונגעל — אין צווייטען. פֿון די בעטען רייסט זיך אויך אלע מאָל ארויס א זיפֿץ, דאָ איז מען אויך איינגעשלאָפֿען מיט ענמת־נפש. דאָס חדר יונגעל האָט געוויינט „רבי געלד"! און די נאָך עלטערע טאָכטער איז געבליבען אהן אנ'אָרט. זי האָט געהאט א וואוילע שטעל, ביי א פּאָר פֿאָלק אהן קינדער, דאַרף פלוצלינג די בעל־הבית'טע שטארבען! זי וועט דאָך נישט בלייבען אליין מיט'ן אלמן! עס קומט איהר א פּאָר רובעל שכירות; מען וואָלט געקענט דערפֿון כאָטש רבי־געלט בעצאָהלען; טענ'עט אבער דער אלמן „לא פקדני" — דאָס ווייב האָט איהם נישט אנגעזאָגט און ער אליין ווייסט נישט; ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין ווייבערישע אבען. איידער מען איז איינגעשלאָפֿען האָט מען זיך אפֿילו א ביסעל געקריגט, די מוטער האָט געראָטען, מען זאָל דעם אלמן רופֿען צו א דין־תורה, די טאָכטער וויל בעסער שרייבען א פּראָשעניע, אָדער צום „מיראָוואי", אָדער צום „גאטשעלניק", יונה וויל ביידע עצות נישט הערען; דער אלמן וועט זיך נוקם זיין און אברעדען איהם אלע בעלי־בתים. „ער דאַרף נאָר — זאָגט יונה — געבען א פּיפּ'ס, בין איך אויס קאפעליש־מאַכער ... עס האָט דען א שיעור וויפֿיעל וואסערטרעגער עס געהען היינט ארום שלינג־און־שלאנג, זייט מען האָט די וואסער־לייטונג געמאכט?"

ארויף־צו העכער שנארכט בערל טרעגער איינער אליין ווי א „הראַביע" אין בעט, ביידע קינדער שלאָפֿען אין צווייטען;

דאָס ווייב איז א קעכין און האָט היינט א התונה. דאָך — שלאָפט מען אויך נישט רוהיג. בערל'ן בלאָנדזשעט ארום שוין א צייט עפּיס א וויטאָג צווישען די ביינער. אויך דער עלטערער זוהן זיפצט אלע מאל פון שלאָף; ער אַרבייט ביי קאָלעך־לעשען און האָט זיך א פּיסעל אבגעבריהט.

נאָך וויטער שלאָפט ווי א „הראביע" איינע אַליין אין א בעט, צירל די זיצערין; אין צווייטען שלאָפען אלע דריי קינדער. איהר מאן איז א נאכט־וועכטער. כעלות, אז ער וועט קומען, וועט זי ארויסנעהן מיט ברויט און פרישע ביינעל.

מיר האלטען שוין ביים דריטען ווינקעל. עס שטעהט נאָך א בעט — א שמאָהל אייזען בעטעל. א אומגעזונד־געריטעל־טער פרויען־קאָפּ שלאָנט זיך אָב פון א קנויל־אלטוואַרג, וואָס דיענט איהר אלס קישען. די יונג־פערברענטע ליפען עפענען זיך אָפּט, ארויס צו לאָזען א שווערען זיפץ. „א שווערע פרנסה" האָט איהר מאן, „ער האָט קיין מזל נישט". מיט הירוף־נפש האָט ער יענע וואָך ארויסגעשלעפט א קופערנעם קעסעל און בעגראָבען אין זאמד אונטער דער שטאָדט — האָט מען איהם געפונען! ווער ווייסט מיט וואָס ער וועט היינט א היים קומען? אפשר זיצט ער שוין גאָר... און דאָ האָט מען דריי וואָכען קיין טעפּעל ווארעם וואסער נישט צוגעשטעלט... פון דער דירה טרייבט מען...

„א שווערע פרנסה... אהן מזל!" זיפצען די פערברענטע ליפען. און מען מוז זיך נאָך פאַר שכנים היטען. מען פרעגט אלץ: וואָס טוט דיין מאן? וואָס קומט ער אזוי שפעט א היים?..

— — — — — — — — — — —

איבער אלע בעטען ציטערט א טונקעלע שיין פֿון מיטען שטוב; פֿון איבער הישפּאנישע ווענדטליך, וואָס זענען די גרעניצען פֿון א יונג פּאָר־פֿאָלק׳ס ממשלה. טריינע „ד׳ אמות״ די יונגע בעל־הבית׳טע שלאָפֿט נאָך נישט; ערשט צוויי חדשים נאָך דער התונה — ווארט זי אויפֿ׳ן מאן, וואָס דארף קומען פֿון בית־המדרש. ביי איהר ברענט עס דער קאַגאניעץ, וואָס ווארפֿט העל־ווייסע פֿלעקען אויפֿ׳ן שווארצען סופֿיט, און שיקט ארויס, דורך די לעכער פֿון הישפּאנישען ווענדטעל, די עטליכע אָרימע שטראלען, וואָס טאנצען איבער די ארימע בעטען מיט די אבגעארבעטע מיעדע פּנימ׳ר.

אין טריינענ׳ס ממשלה איז ליכטיגער און ריינער. — צווישעןביידע בעטען אויף א וויים טישעל ליגט א קרבן־מנחה סדור צווישען צוויי קליינע מעשענע לייכטערליך — איהר דרשה־געשאַנק! אויף דער וואנד הענגען חתונה־מלבושים, א טלית־זאק מיט א אויסגענעהטען מגן־דוד. פֿאר דאָס איז קיין בענקלעך אין דער ממשלה נישטאָ. זי זיצט אויף א בעט פֿעררוכט א נעץ פֿאר די ציבעלעס, וואָס ליגען נעבען איהר, צו־וואָרפֿען אויפֿ׳ן ליילעך. דאָס גאנצע בעט־געוואנד ליגט אויפֿ׳ן צווייטען בעט — אונטערן בעט־געוואנד איז בעהאלטען דאָס יאַכיל אויך וועטשערע.

עס עפֿענט זיך שטיל די טיר. טריינע ווערט רויטליכער, זי פֿערליערט די נעץ פֿון דער האנד און שפּרינגט אויף פֿון בעט, זי בלייבט דאָך שטעהן — עס פּאסט נישט פֿאַר שכנים; טאָמער כאפּט זיך וועלכער אויף, וועט מען הוכא־טלולא פֿון איהר מאַכען! צרות האָט זי פֿון די שכנים! פֿון פֿריידעל׳ן דער עיקר... זי קען נישט פֿערשטעהן, ווי אזוי מען שילט נישט א מאן באלד צום מאָרגען נאָך דער חופּה! „וואַרט —

זאָגט זי, די „אַלטע מכשפה" — דו וועסט שוין זעהען, וואָס פאַר א מזל דו וועסט ביי איהם האָבען . . . ווייז איהם נאָר א פינגער" !

פריידעל לאָזט איהר ניט קיין פרייע מינוט. א מאן — זאָגט זי — אז מען פיהרט איהם נישט ביי דער נאָז, איז ער ערגער ווי א וואָלף ; ציהט ער די קלעה פון די ביינער ארויס, דאָס בלוט זייגט ער אויס פון די אדערן ! שוין 10 יאָהר — זאָגט פריידעל — זיצט זי אהן א מאן, און קאן נאָך אליין צו די כחות נישט קומען ! און פריידעל איז א קלוגע יודענע. א מלומדת : „וואס עס קומט איהם — זאגט זי — על פי דין, וואַרף איהם ווי א הונד א ביין און ווייטער — ווארא ! נאָר פון דער ווייטענס און — נאר געפלוכט !"

טריינע האט צייט דאס אלעס צו דערמאנען, ווייל עס דויערט, איידער יוסעלע גנב'ט זיך דורך אויף די נעגעל צווישען די שכנים ; יעדער טריט זיינער שלאגט איהר אב אין הארץ, נאר אקעגען־געהן פאר קיין שום געלד. אט פאלט ער שיער ! אט איז ער שוין ביי די ווענדטלעך, — זי אטעמט אב.

„גוט־אבענד !" מאכט ער שטיל מיט אראבגעלאזטע אויגען.

„גוט־יאָהר !" ענפערט זי נאך שטילער.

„ווילסט עסען ?" פרעגט זי.

„און דו ?"

„מא . . ."

ער איז ארויס אונטער די ווענדטלעך און איז צוריק געקומען מיט אבגעגאסענע הענד ; זי דערלאנגט איהם א האנדטוך. אויפ'ן עק פון טישעל שטעהט שוין גרייט א „מוציא" מיט זאלץ און דאס אפגענומענע יאכיל.

ער זיצט אויף ז י י ן בעט, אויפ'ן גאנצען בעט־געוואנד; זי אויף איהרען מיט די ציבעלעס. זיי עסען גאנ'ץ לאנגזאם און רעדען דערביי מיט די אויגען — ווי ערשט נאך א התונה און מיט די מיילער — פון פרנסה.

„נו, וואו האלטסטו?"

„אט, — זיפצט ער אב — דריי תלמידים האב איך שוין!"

„בלייבט טאקי מלמדות?" פרעגט זי טרויריג.

„מא!" ענטפערט ער:

„געלויבט איז גאט דערפאר", טרייסט זי זיך און איהם צוזאמען.

„געלויבט איז גאט — זאגט ער איהר נאך — נאר דאס איז ערשט 120 רובעל!"

ער זיפצט.

„נו, וואס זיפצסטו?"

„רעכען — ענטפערט ער — א רובעל א וואך דירה־געלד, איז 26 רובעל א זמן; שולדיג בין איך נאך ... התונה־הוצאות...

„ווי הייסט?" פרעגט זי פערוואונדערט.

ער שמייכעלט:

„דו מיינסט טאקי, נארעלע, אז דער טאטע האט געקאנט מעהר ווי צוזאגען?"

„נו, הכלל?" האקט זי איהם איבער.

„דאס הייסט — פיהרט ער ווייטער דעם השבון — א רובעל 12 — איז שוין 38. וואס בלייבט איך עסען?"

זי רעכענט:

„82, דאכט זיך?"

„אויף 26 וואכען!"

„נו וואס איז — מאכט זי — א י ב ע ר 3 רובעל א וואך!"

„און וואו איז — פרענט ער טרויעריג — האלין... ליכט... שבת ויום טוב?"

„עט, גאט פערלאזט נישט — טרייסט זי — איך קען אויך עפּיס טון; אט, האָב איך איינגעקויפט ציבעלעס! אייער זענען וואלוועל, וועל איך אויך איינקויפען, במשך א פּאָר וואָכען וועט עפּיס באַפען אויפ'ן שאק!"

„און רעכען נאר איבער — פירט זי ווייטער — וואס קאסט האלין און ליכט? א נאָר נישט! אפשר א רובעל א וואך... בלייבט אלין..."

„און שבת! און יום-טוב? וואס רעדסטו קינד?"

און דאס וואָרט „קינד" איז ארויס אזוי וויך, אזוי גוט־הארציג, אז זי צושמייכעלט זיך.

„נו, בענש נאר, בענש — מאכט זי — לעג אב די חשבונות אויף מארגען... שוין צייט צו שלאָפען".

זי פערשעהמט זיך דאך, לאזט אראב די ברעמען און גלייך זי פערענפערט זיך:

„די קומסט אזוי שפעט... זאגט זי מיט א האלב גע־מאכטען געניין.

ער בייגט זיך צו איהר איבערן טישעל:

„נארישע קינד — פליסטערן זיינע ליפען — איך קום דאך אמישנע שפעט! מיר זאלען קענען צוזאמען עסען... פערשטעהסט! אזוי מאסט דאך נישט... ווייסט דאך. א מלמד!"

„נו, בענש נאר, בענש!" ראָט זי דאס אידעלע מיט פער־טער געשלאָסענע אויגען.

ער מאכט די ויינע אויך צו. ער וויל ערנסט בענשען. די אויגען רייסען זיך איתם דאך אלע ווילע אויף... ער דריקט פעסטער אראב די ברעמען, עס בלייבט דאך א שפאלט

דורך וועלכען ער זעהט זי, עפּיס וואונדער־פּארביג בעלייבט, אַז ער קען פון איהר דעם בליק נישט אבּרייסען.

זי איז מיעד — כּר.ט ער רחמנות.

ער זעהט ווי זי רוקט זיך העכער ארויף אויפ'ן בעט, שפּארט אַן דעם קאפּ אין דער וואנד. „זי וועט אזוי איינשלאָפען”, קלערט ער.

פאר וואס נעמט זי נישט קיין קישען? ערגערט איהם, אויס־רעדען קען ער נישט, מאכט ער: מ... מ...!

זי הערט דאך נישט, ער יאגט צו דאס בענשען, ענדיגט, שטעלט זיך אויף, און בלייבט שטעהן, נישט וויסענדיג וואס צו טון.

ער רופט: טרײנע! נאר אזוי שטיל, אז עס קען זי נישט וועקען. ער רוקט זיך צו צו איהר און בייגט זיך איבער איהר. איהר פּנים שמייכעלט אזוי זיס... עס מוז זיך איהר עפּיס גוטס חלומ'ן... און ווי שען זי שמייכעלט... אנ'עבירה זי וועקען! דאך וועט איהר דאס קעפּעל וועה טון... איי, האט זי האר געהאט — ער האט זיי אויף די תנאים געזעהן — שווארצע לאנגע... היינט גאל... דער טשיפּיק איז א געשטיק־טער, אַ דינער מיט לעכלעך... אפילו א הנו'דיגער... ער שמייכעלט אויך מיט!

מען מוז זי דאך וועקען! ער בייגט זיך צו נאך נענטער, דערפיהלט איהר אטעם, ציהט איהם גיריג אין זיך אריין ... זי ציהט איהם צו ווי א מאגנעט ... און, נישט ווילענדיג, ריהרט ער אַן איהרע ליפּען מיט די זייניגע.

„איך שלאף נאר נישט”, מאכט זי ראפּטים און עפענט א פּאר שעלמיש־לאכענדיגע אויגען. זי ווארפט איהם איהרע הענד ארום אקסעל און ציהט איהם צו, צו זיך.

„נישט קשה — רוימט זי איהם אין אויער אריין — אזוי זים, אזוי גוט, נישט קשה ... גאט, דער גוטער, וועט העלפען... דאס האט ער דאך אונז צוזאמען געברענגט ... ער וועט נישט פערלאזען! עס וועט גוט זיין — אי האליך ... אי ליכט ... עס וועט זיין פרנסה ... עס וועט גוט זיין ... גאר גוט זיין . . . ס'וואהר יאָסעלע? ס'וואהר!"

ער ענפערט נישט, ער ציטערט אין גאנצען.

זי שטופט איהם א ביסעל אב פון זיך.

„קוק אויף מיר, יאסעל" פאלט איהר איין צו פערלאנגען.

יאסעל וויל פאלגען און קען נישט.

„בטלן, — מאכט זי צו איהם וויך, — נאך נישט צו־געוואוינט, הא?"

ער וויל בעהאלטען זיין קאפ אויף איהר ברוסט, זי לאזט נישט.

„וואס שעמסטו דיך, בטלן! קושען מעגסטו, און קוקען נישט?"

ער וויל בעסער קושען; זי לאָזט נישט.

„קוק אויף מיר, איך בעט דיך!"

יאסעל עפענט די אויגען מיט כח; זיי פאלען דאך באלד צוריק צו.

„איך בעט דיך", מאכט זי נאך ווייכער, נאך זיידענער.

ער קוקט. אצינד לאזט זי אראב די ברעמען.

„זאג נאָר — מאכט זי — זאג מיר דעם אמת, איך בעט דיך ... איך בין עפּיס א שען ווייבעל?"

„יא!" רוימט ער איהר איין, און זי דערפיהלט נאך הייסער זיין אטעם.

„ווער האט דיר געזאָגט?!"

„איך זעה דאך! א מלכה ביסטו, אַ מלכה!"

„און זאג נאָר, יאָסעל — פרעגט זי ווייטער — דו וועסט שוין שטענדיג אזוי... שטענדיג אזוי זיין?"

„ווי אזוי מיינסטו, טריינע?"

„איך מיין — ציטערט איהר שטימע — קענען מיר אזוי גוט..."

„ווי דען?"

„אזוי הארציג?"

„ווי דען?"

„שטענדיג?"

„שטענדיג!" איז ער מבטיח.

„וועסט מיט מיר עסען שטענדיג צוזאמען?"

„ליבער... בלי נדר", ענפערט ער!

„און...? וועסט אויף מיר קיינמאל נישט שרייען?..."

„ק י י נ מ א ל... בלי מסקנא!"

„קיינמאל נישט אנטוהן קיין צרות?..."

„צרות? איך? דיר?... ווי הייסט? פאר וואס?"

„איך ווייס? פריידה זאגט" —

„וואס — די מכשפה!"

ער רוקט זיך ווייטער צו, זי שטויסט איהם נאך צוריק.

„יאסעלע?"

„וואס?"

„זאג — ווי הייס איך?"

„טריינע!"

„פע" — פערציהט זי די קליינע ליפלעך —

„טריינישי" — פערבעסערט זיך יאָסעל.

עס געפעלט איהר אלץ נישט.

טריינינו ..."

„גיין !"

„גו — טריינע־לעבען, טריינע־קרוין, טריינע־האר׳ן ... שוין

גוט אזוי ?"

„יא ! — ענפערט זי גליקליך — נאר ..."

„וואס נאר, לעבען מיינס, נחת מיינס ?"

„נאר, הער יאָסעל ... און ..." שטאמעלט זי.

„און וואס ?"

„און אז עס וועט, חס ושלום, פעהלען א מאל פרנסה ...

אז איך וועל וועניג פערדינען ... וועסטו אפשר ... אפשר

שרייען ..."

טרעהרען קומען איהר אין די אויגען אריין.

„חס ושלום ! חס ושלום !"

ער רייסט אוים דעם קאפ פון איהרע הענד, און פאלט

צו צו די נאך אפענע ליפען.

— — — — — — — — — — — —

„א רעכטע שיינע, ריינע כפרה, צו זייער קאפ, צו זייער

הענד און פים — הערט זיך א קול פון אונטער די ווענדטלעך

— קושוואך גאר ביי זיי ! קיין אויג לאזט מען נישט צו־

מאכען ..."

דאס איז פרייזעל׳ס הייזעריג־שפיציג־גיפטיג קול.



## באָנציע שווייג

דא, אויף דער וועלט, האט באנציע שווייג'ס טויט גאר קיין איינדרוק נישט געמאכט! פרעגט עמיצען בחרם: ווער באנציע איז געווען, ווי אזוי ער האט געלעבט, אויף וואס ער איז געשטארבען! צי האט איהם דאָס הארץ געפלאצט, צי די כחות זענען איהם אויסגעגאנגען, צי דער מארך־ביין האט זיך איבער געבראכען אונטער א שווערער לאסט... ווער ווייסט? אפשר איז ער גאר פאר הונגער געשטארבען!

א פערד אין טראמוויי זאל פאלען, וואלט מען זיך מעהר אינטערעסירט. עס וואלטען צייטונגען געשריבען, הונדערטער מענשען וואלטען פון אלע גאסען געלאפען און די נבלה בעקוקט; בעטראכט אפילו דעם ארט, וואו די מפלה איז געווען...

נאר דאס פערד אין טראמוויי וואלט אויך די זכיה נישט געהאט, עס זאל זיין אזוי פיעל פערד ווי מענשען — טויזענד מיליאן!

באנציע האט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטארבען; ווי א שאטען איז ער דורך — דורך א ו נ ז ע ר וועלט!

אויף באנציע'ס ברית האט מען קיין וויין נישט געטרונקען, עס האבען קיין כוסות נישט געקלונגען! צו בר־מצוה האט ער קיין קלינגענדע דרשה נישט געזאגט... געלעבט האט ער ווי א גראה קליין קערנדעל זאמד ביים ברעג פון ים, צווישען מיליאנען זיינס־גלייכען; און אז דער ווינד האט עס אויפגעהויבען און אויף דער אנדערער זייט ים אריבער געיאגט, האט עס קיינער נישט בעמערקט!

ביים לעבען האט די נאסע בלאטע קיין צייכען פון זיין פיס נישט בעהאלטען; נאכ'ן טויט — האט דער ווינד דאס קליינע ברעטעל פון זיין קבר אומגעווארפען; דעם קברן'ס וויב האט עס געפונען ווייט פון קבר און דערביי א טעפעל קארטאפעל אבגעקאכט... עס איז דריי טאג נאך באנציע'ס טויט, פרעגט דעם קברן בהרם, וואו ער האט איהם געלייגט!

וואלט באנציע א מצבה געהאט, וואלט אפשר איבער הונדערט יאהר א אלטערטומס־פארשער זי געפונען, און דער נאמען „באנציע שווייג" וואלט נאך א מאל איבערגעקלונגען אין א ו נ ז ע ר לופט!

א שאטען! זיין פאטאגראפיע איז נישט געבליבען ביי קיינעם אין מה, ביי קיינעם אין הארץ; עס איז פון איהם קיין זכר נישט געבליבען!

„קיין קינד, קיין רינד"; עלענד געלעבט — עלענד געשטארבען!

ווען נישט דאס מענשליכע גערודער, וואלט אפשר עמיצער אמאל דערהערט ווי באַנציע'ס מאַרך־ביין האט אונטער דער לאסט געקנאקט; וואלט די וועלט מעהר צייט געהאט, וואלט עמיצער אפשר אמאל בעמערקט, אז באנציע (אויך א מענש) האט לעבעדיגערהייט צוויי אויסגעלאשענע אויגען און שרעקליך איינגעפאלענע באקען; אז אפילו ווען ער האט גאר שוין קיין לאסט נישט אויף די פלייצעס, איז איהם אויך דער קאפ צו דער ערד געבויגען, גלייך ער וואָלט לעבעדיגערהייט זיין קבר געזוכט! וואלטען אזוי ווענינ מענשען ווי פערד אין טראמוויי געוועזען, וואלט אפשר אמאל עמיצער געפרעגט: וואו איז באנציע אהין געקומען?!

ווען מען האט באנציע'ן אין שפיטאל אריין געפיהרט, איז זיין ווינקעל אין סוטערינע נישט לעדיג געבליבען — עס האבען דערויף צעהן זיינס־גלייכען געווארט, און צווישען זיך דעם ווינקעל „אין־פלוס" ליציטיערט; ווען מען האט איהם פון שפיטאל־בעט אין טויטען שטיבעל אריין געטראגען, האבען אויפ'ן בעט צוואנציג ארימע קראנקע געווארט... ווען ער איז ארויס פון טויטען־שטיבעל — האט מען צוואנציג הרוגים פון אונטער א איינגעפאלען הויז געברענגט — ווער ווייסט ווי לאנג ער וועט רוהיג וואוינען אין קבר? ווער ווייסט וויפיעל עס ווארטען שוין אויף דעם שטיקעל פלאץ...

שטיל געבוירען, שטיל געלעבט, שטיל געשטארבען און נאָך שטילער בעגראבען.

— — — — — — — — — — —

נאר נישט אזוי איז געוועזען אויף י ע נ ע ר וועלט! ד א ר ט ע ן האט באנציע'ס טויט א גרויסען איינדרוק געמאכט!

דער גרויסער שופר פון משיח'ס צייטען האט געקלונגען
אין אלע זיבען הימלען: באנציע שוויג איז נפטר געווארען!
די גרעסטע מלאכים מיט די ברייטסטע פליגעל זענען געפלויגען
און איינער האט דעם אנדערען איבערגעגעבען: באנציע איז
„נתבקש געווארען בישיבה של מעלה"! אין גן עדן איז א רעש,
א שמחה, א גערודער: „באנציע שוויג! א שפאס באנציע
שוויג!!!"

יונגע מלאכים'לעך מיט בריליאנטענע אייגעלעך, גאלדענע
דראט'ארבייטענע פליגעלעך און זילבערנע פאנטאפעלעך
זענען באנציען, אקעגענגעלאפען מיט שמחה! דער גערויש
פון די פליגעל, דאס קלאפען פון די פאנטאפעלעך און
דאס פרעהליכע לאכען פון די יונגע, פרישע, רויזיגע מיילעכלעך
האט פערפולט אלע הימלען און איז צו־געקומען ביז
צום כסא הכבוד, און גאט אליין האט אויך שוין געוואוסט
אז באנציע שוויג קומט!

אברהם אבינו האט זיך אין טויער פון הימעל געשטעלט,
די רעכטע האנד אויסגעשטרעקט צום ברייטען „שלום עליכם!"
און א זיסער שמייכעל שיינט אזוי העל אויף זיין אלטען פנים!
וואס רעדעלט אזוי אין הימעל?

דאס האבען צוויי מלאכים אין גן עדן פאר באנציע'ס
וועגען א גינגאלדענע פאטער־שטול אויף רעדלעך געפיהרט!
וואס האט אזוי העל געבליצט?

דאס האט מען דורכגעפיהרט א גאלדענע קרוין מיט די
טייערסטע שטיינער געזעצט! אלץ פאר באנציע'ן!
„נאך פאר'ן פסק פון בית דין של מעלה?" פרעגען די
צדיקים פערוואונדערט און נישט גאר אהן קנאה.

„אה! — ענפערן די מלאכים — דאס וועט זיין א פראסטע פוסטע פארמע! קעגען באנציע שוויינ וועט אפילו דער קטיגור קיין ווארט אין מויל נישט געפונען! די „דיעלע" וועט דוירען פינף מינוט!"

איהר שפיעלט זיך מיט באנציע שוויינ?

---

אז די מלאכים'לעך האבען באנציע'ן געכאפט אין דער לופט און אבגעשפיעלט איהם א זמר; אז אברהם אבינו האט איהם ווי א אלטען קאמאראד די האנד געשאקעלט; אז ער האט געהערט, אז זיין שטיהל איז גרייט אין גן עדן; אז אויף זיין קאפ ווארט א קרוין, אז אין בית דין של מעלה וועט מען איבער איהם קיין איבריג ווארט נישט רעדען — האט באנציע, גלייך ווי אויף יענער וועלט, געשוויגען פאר שרעק! עס איז איהם דאס הארץ ענטגאנגען! ער איז זיכער, אז דאס מוז זיין א חלום, אדער א פראסטער טעות!

ער איז צוביידע געוואוינט! נישט איינמאל האט איהם אויף יענער וועלט געהלומ'ט, אז ער קלויבט געלד אויף דער פאדלאגע, גאנצע אוצרות ליגען... און אויפגעכאפט האט ער זיך נאך א גרעסערער קבצן ווי נעכטען... נישט איינמאל האט איהם עמיץ פער טעות צוגעשמייכעלט, א גוט ווארט געזאגט און איבערגעדרעהט זיך און אויסגעשפיגען...

„מיין מזל — טראכט ער — איז שוין אזוי!"

און ער האט מורא די אויגען אויפצוהייבען, דער חלום זאל נישט פערשווינדען; ער זאל זיך נישט אויפכאפען ערגיץ אין א הייל צווישען שלאנגען און עגדישען! ער האט מורא פון מויל א קלאנג ארויס צו לאזען, מיט א גליעד א ריהר צו טון

— מען זאָל איהם נישט דערקענען און אוועק שליידערן אויף כף־הקלע ...

ער ציטערט און הערט ניט די מלאכים'ס קאמפלימענטען, זעהט נישט זייער טאנצען ארום איהם, ער ענפערט, נישט אברהם אבינו אויפ'ן הערצליכען „שלום עליכם", און — גע־פיהרט צום בית־דין של מעלה — זאגט ער איהם קיין „גוט־מארגען" נישט ...

אויסער זיך איז ער פאר שרעק!

און זיין שרעק איז נאך גרעסער געוואָרען, אז ער האט, נישט ווילענדיג, דערזעהן די פאדלאגע פון בית־דין של מעלה: סאמע אלאבאסטער מיט בריליאנטען! „אויף אזא פאדלאגע שטעהן מיינע פיס!" — ער ווערט אין גאנצען פערשטארט! „ווער ווייסט וועלכען גביר, וועלכען רב, וועלכען צדיק מען מיינט ... ער וועט קומען — וועט זיין מיין פינסטערער סוף!"

פאר שרעק האט ער אפילו ניט געהערט ווי דער פרעזעס האט בפירוש אויסגערופען: „די דיעלע פון באנציע שוויג!" און, דערלאנגענדיג דעם מליץ יושר די אקטען, געזאגט „לעז, נאר בקצור!"

מיט באנציע'ן דרעהט זיך דער גאנצער סאלאן, עס רוישט איהם אין די אויערן, אינ'ם גערויש הערט ער דאך אלע מאל שארפער און שארפער דעם מלאך־מליץ'ס זים קויל ווי א פידעל:

„זיין נאמען — הערט ער — האט איהם געפאסט ווי צו'ן א שלאנק לייב א קלייד פון א ארטיסט א שניידערס האנד".

„וואס רעדט ער?" פרעגט זיך באנציע, און הערט ווי א אומגעדולד קול האקט איהם איבער און זאָגט:

„נאר אהן משלים!"

„ער האט זיך קיינמאל — הייבט ווייטער אן דער מליץ יושר — אויף קיינעם נישט געקלאגט, נישט אויף גאט, נישט אויף לייט; אין זיין אויג האט קיינמאל נישט אויפגעפלאמט קיין פונק פון האס, ער האט עס קיינמאל נישט אויפגעהויבען מיט א פרעטענסיע צום הימעל.

באנציע פערשטעהט ווייטער נישט א ווארט, און דאס הארטע קול שלאגט ווייטער איבער:

„אהן רעטאריק!"

„איוב האט נישט אויסגעהאלטען, ער איז אומגליקליכער געוועזען".

„פאקטען, טרוקענע פאקטען!" רופט נאך אומגעדולדיגער דער פרעזעס.

„צו אכט טאג האט מען איהם מלה געוועזען"

„נאר אהן ר ע א ל י ז ם!"

„א מוהל א פושער האט דאס בלוט ניט פערהאלטען"

„ווייטער!"

„ער האט אליין געשוויגען (פיהרט ווייטער דער מליץ יושר) אפילו ווען די מוטער איז איהם געשטארבען און ער האט צו דרייצעהן יאהר א שטיף־מאמע בעקומען... א שטיף־מאמע א שלאנג, א מרשעת..."

„מיינט מען דאך אפשר פארט מיך?" טראכט באנציע.

„אהן אינסוניאציען אויף דריטע פערזאנען", בייזערט זיך דער פרעזעס.

„זי פלעגט איהם קארגען דעם ביסען... אייער־נעכטיג פערשימעלט ברויט... האר־פלאקס פאר פלייש... און זי האט קאווע מיט שמעטען געטרונקען".

„צו דער זאך!" שרייט דער פרעזעס.

„זי האָט איהם פאַר דאָס קיין נעגעל נישט געקאַרגט, און זיין ברוין־און־בלאה לייב פלעגט אַרויסקוקען דורך אַלע לעכער פון זיינע פערשימעלט־צוריסענע קליידער... ווינטער אין די גרעסטע פרעסט האָט ער איהר בארוויס אויפ'ן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענד זענען צו יונג און צו שוואַך געוועזען, די קלעצליך צו דיק, די האַק צו שטומפיג... נישט איינמאל האָט ער זיך די האַנר פון די געלענקען אויסגעריסען, נישט איינמאָל האָט ער זיך די פיס אָבגעפרוירען, נאָר געשוויגען האָט ער, אַפילו פאַר'ן פאָטער".

„פאַר'ן שכור!" לאַכט אַריין דער קטיגור, און באַנציע'ן ווערט קאַלט אין אַלע אברים.

„נישט געקלאָגט", ענדיגט דער מליץ יושר דעם זאַץ.

„און שטענדיג עלענד — פיהרט ער ווייטער — קיין חבר, קיין תלמוד תורה, קיין הדר... קיין גאַנץ בגד... קיין פרייע מינוט".

„פאַקטען" רופט ווייטער דער פרעזעס.

„ער האָט געשוויגען אפילו שפעטער, ווען דער פאָטער האט איהם שכור'ערהייט אַמאָל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אין מיטען א שנייענדיגער ווינטער־נאַכט אַרויס געוואָרפען פון ישוב! ער האָט זיך שטיל אויפגעהויבען פון שניי און איז אַנטלאָפען וואו די אויגען האָבען איהם געטראָגען..."

„אויפ'ן גאַנצען וועג האָט ער געשוויגען... ביים גרעסטען הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגען געבעטעלט!"

„ערשט אין א שווינדעלדיגע, נאַסע פריהלינג־נאַכט איז ער אין א גרויסער שטאָט אַריין געקומען; ער איז אַריין ווי א טראָפען אין א ים און דאָך האָט ער די איינענע נאַכט אין גרעסט פערבראַכט... ער האָט געשוויגען, נישט געפרעגט פאַר וואָס,

פֿאַר ווען ? ער איז אַרויס און די שווערסטע אַרבייט געזוכט ! נאָר ער האָט געשוויגען !"

„שווערער פֿאַר דער אַרבייט, איז געוועזען זי צו געפֿונען — ער האָט געשוויגען !"

„באָדענדיג זיך אין קאַלטען שוויים, צוזאמען געדרוקט אונטער דער שווערסטער לאַסט, ביים גרעסטען קראַמף אין לע־דיגען מאָגען — האָט ער געשוויגען !"

„בעשפּריצט פֿון פֿרעמדער בלאָטע, בעשפּיגען פֿון פֿרעמדע מיילער, געיאָגט פֿון טראָטואַרען מיט דער שווערסטער לאַסט אראָב אין גאַסען צווישען דראָשקען, קאַרעטען און טראַמוויים, קוקענדיג יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגען אַריין — האָט ער געשוויגען !"

„ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכענט, וויפֿיל פּוד לאַסט עס קומט אויס אויף א גראָשען, וויפֿיל מאָל ער איז געפֿאַלען ביי יעדען גאַנג פֿאַר א דרייער, וויפֿיל מאל ער האָט שיער נישט די נשמה אויסגעשפּיגען, מאָנענדיג זיין פֿערדיענסט ; ער האָט נישט גערעכענט, נישט זיין, נישט יענעמס מזל, נאָר געשוויגען !"

„זיין אייגען פֿערדיענסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט ! ווי א בעטלער האט ער זיך ביי דער טיר געשטעלט, און אין די אויגען האָט זיך א הינטישע בקשה געמאָלט ! „קום שפּעטער" און ער איז פֿערשווינדען שטיל ווי א שאָטען, כדי שפּע־טער נאָך שטילער אויסצובעטלען זיין פֿערדיענסט !"

„ער האָט אפילו געשוויגען, ווען מען פֿלעגט איהם אָב־רייסען פֿון זיין פֿערדיענסט אָדער אַריינוואַרפֿען א פֿאַלשע מטבע . . ."

„ער האָט אלץ געשוויגען . . ."
„מיינט מען דאָך טאַקי מיך !" טרייסט זיך באָנציע.

---

„איינמאָל — פיהרט ווייטער דער מלאך יושר נאָך א טרונק־וואַסער — איז אין זיין לעבען א ענדערונג געשעהן... עס איז דורכגעפלויגען א קוטש אויף גומענע רעדער מיט צוי־פלאשעטע פערד ... דער שמייסער איז שוין לאַנג פון ווייטענס געלעגען מיט אַ צושפאַלטענעם קאָפּ אויפ'ן ברוק . . . פון די דערשראָקענע פערד'ס מיילער שפריצט דער שוים, פון אונטער די פאָדקאָוועס יאָגען זיך פונקען, די אויגען בלישצען ווי ברע־נענדיגע שטורקאַצען אין א פינסטערער נאַכט — און אין קוטש זיצט נישט טויט, גיישט לעבעדיג אַ מענש !"

„און באָנציע האָט די פערד פערהאַלטען !"

„און דער געראַטעוועטער איז געוועזען א יוד אַ בעל צדקה און האָט באָנציע'ן די טובה נישט פערגעסען !"

„ער האָט איהם דעם געהרג'ענטענס בייטש איבערגעגעבען: באָנציע איז אַ שמייסער געוואָרען ! נאָך מעהר — ער האָט איהם התונה געמאַכט, נאָך מעהר — ער האט איהם אַפילו מיט אַ קינד פערזאָרגט".

„און באָנציע האָט אַ ל ץ געשוויגען !"

„מיך מיינט מען, מיך !" בעפעסטיגט זיך באָנציע אין דער־דעה, און האָט דאָך די העזה נישט א אויג צו ווארפען אויפ'ן „בית דין של מעלה" . . .

ער הערט זיך ווייטער איין צו'ם מלאך מליץ:

„ער האָט געשוויגען אַפילו ווען זיין בעל טובה האָט אין קורצען באנקראָטירט און איהם זיין לוין נישט בעצאָהלט . . ."

„ער האָט געשוויגען אַפילו ווען דאָס ווייב איז איהם ענט־
לאָפען און איבערגעלאָזט איהם אַ קינד פון דער ברוסט . . ."
„ער האָט געשוויגען אַפילו מיט פּיפּצעהן יאָהר שפּעטער
ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסען און געגוג שטאַרק געוועזען
— באָנציע'ן אַרויס צו וואַרפען פון שטוב . . ."
„מיך מיינט מען, מיך!" פרייט זיך באָנציע.

„ער האָט אַפילו געשוויגען — הייבט אָן ווייטער און
טרויריגער דער מלאך מליץ — ווען דער אייגענער בעל טובה
האט זיך מיט אַלע אויסגעגלייכט, נאָר איהם קיין גראָשען
שכירות נישט צוריק געגעבען — און אַפילו דעמולט, ווען ער
איז באָנציע'ן (ווייטער פאָהרענדיג אויף א קוטש מיט גומענע
רעדער און פערד ווי לייבען) איבערגעפאָהרען . . ."
„ער האָט אַליין געשוויגען! ער האָט אַפילו דער פּאָליציי
נישט געזאָגט, ווער עס האָט איהם צורעכט־געמאַכט . . ."

„ער האָט אַליין געשוויגען אַפילו אין שפּיטאָל, וואו מען
מעג שוין שרייען!"
„ער האָט געשוויגען אַפילו ווען דער דאָקטאָר האָט אָהן
פּיפּצעהן קאָפּעקעס נישט געוואָלט צוגעהן צו זיין בעט, און
דער וועכטער, אָהן פינף קאָפּעקעס — טוישען איהם די וועש!"
„ער האָט געשוויגען ביים גוס'ן — ער האָט געשוויגען
ביים שטאַרבען . . ."
„קיין וואָרט נישט קעגען גאָט, קיין וואָרט נישט קעגען לייט!"
„דיקסי!"

באָנציע הייבט אָן ווייטער צו ציטערן אויפ׳ן גאַנצען לייב. ער ווייסט, אַז נאָכ׳ן מליץ יושר געהט דער קטיגור! ווער ווייסט וואָס ד ע ר וועט זאָגען! באָנציע אַליין האָט זיין לעבען נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריהערדיגע פערגעסען... דער מלאך מליץ האָט איהם אַלעס דערמאַנט... ווער ווייסט וואָס דער קטיגור וועט איהם דערמאַנען!

„רבותי!“ הייבט אָן א שאַרף־שטעכענדיג־בריהענדיג קול — נאָר ער האַקט אָב —

„רבותי!“ הייבט ער נאָך אַמאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווייטער אָב.

ענדליך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלז אַרויס, כמעט א ווייך קול:

„רבותי! ע ר האָט געשוויגען! וועל איך אויך שווייגען!“

עס ווערט שטיל — און פון פאָרינט הערט זיך א נייע ווייכע ציטערדיגע שטימע:

„באָנציע, מיין קינד באָנציע! — רופט עס ווי א האַרפע — מיין האַרציג קינד באָנציע!“

אין באָנציע׳ן צוויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין אַצינד די אויגען געעפענט, נאָר זיי זענען פערפינסטערט פון טרעהרען... עס איז איהם אַזוי זיס־וויינענדיג קיינמאָל נישט געוועזען... „מיין קינד“, „מיין באָנציע“ — זייט די מוטער איז געשטאָרבען, האָט ער אַזאַ קול און אַזוינע ווערטער נישט געהערט.

„מיין קינד! — פיהרט ווייטער דער אב־בית־דין — דו האָסט אַליץ געליטען און געשוויגען! עס איז נישטאָ קיין גאַנצ׳ן גליעד, קיין גאַנץ ביינדעל אין דיין לייב אָהן א וואונד, אָהן א בלוטיג אָרט. עס איז נישטאָ קיין בעהאַלטען

אָרט אין דיין נשמה, וואו עס זאָל נישט בלוטען . . . און דו האָסט אַליך געשוויגען . . ."

„דאָרט האָט מען זיך נישט פֿערשטאַנען דערויף! דו אַליין האָסט גאָר אפֿשר נישט געוואוסט, אַז דו קאָנסט שרייען און, אַז פֿון דיין געשריי קענען יריחו'ס מויערן ציטערן און איינפֿאַלען! דו אַליין האָסט פֿון דיין פֿערשלאָפֿענעם כח נישט געוואוסט . . ."

„אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגען נישט בעלוינט נאָר דאָרט איז דער עולם השקר, דאָ אויפֿ'ן עולם אמת וועסטו דיין לוין בעקומען!"

„דיך וועט דאָס בית־דין של־מעלה נישט משפט'ן, דיר וועט עס נישט פסק'נען".

„דיר וועט עס קיין חלק נישט אוים און נישט אָבטיילען: נעם דיר וואָס דו ווילסט! אַלעס איז דיין!"

באָנציע הייבט דאָס ערשטע מאָל די אויגען אויף! ער ווערט ווי פֿערבלענדעט פֿון דעם ליכט פֿון אַלע זייטען; אַלעס בלישציעט, פֿון אַלעס יאָגען שטראַלען: פֿון די ווענד, פֿון די כלים, פֿון די מלאכים, פֿון די דיינים! סאַמע ענגלען!

ער לאָזט די מידע אויגען אַראָב!

„טאַקי?" פֿרעגט ער מסופק און פֿערשעמט!

„זיכער! — ענטפֿערט פֿעסט דער אב־בית־דין! — זיכער זאָג איך דיר, אַז אַלעס אין הימעל געהער צו דיר! קלויב און נעם וואָס דו ווילסט, דו נעמסט נאָר ביי דיר אַליין!"

„טאַקי?" פֿרעגט באָנציע נאָך אַמאָל, נאָר שוין מיט א זיכערער קול.

„טאַקי! טאַקי! טאַקי!" ענטפֿערט מען איהם אויף זיכער פֿון אַלע זייטען.

„נו, אויב אַזוי — שמייכעלט באָנציע — וויל איך טאַקי אַלע טאָג אין דער פֿריה, אַ הייסע בולקע מיט פֿרישער פּוטער!“

דיינים און מלאכים האָבען אַראָב־געלאָזט די קעפּ פֿאַרשעמט; דער קטיגור האָט זיך צולאַכט.





צו „צווישען צוויי בערג"

# צווישען צוויי בערג

## צווישען דעם בריסקער רב מיט׳ן ביאַלער רבי׳ן

### א שמחת תורה׳דיגע מעשה

דערצעהלט פון אַלטען מלמד

פון בריסקער רב און ביאַלער רבי׳ן האָט איהר א ודאי געהערט, נישט אַלע דאָך ווייסען אַז דער ביאַלער צדיק, ר׳ נח׳קע, איז פריהער געוועזען דעם בריסקער רב׳ס א תלמיד מובהק, אַז ער האָט ביי איהם געלערנט אַ שענע פאָר יאָהר, און דערנאָך ערשט איז ער נעלם געוואָרען, אָבגעהאַלטען א פאָר יאָהר „גלות״, און איז נתגלה געוואָ־ען אין ביאַלע.

און אַוועק איז ער מהאי טעמא: מען האָט געלערנט תורה, נאָר די תורה, האָט דער רבי געפיהלט, איז טרוקענע תורה . . . מען לערנט, למשל, אַ דין פון שאלות נשים, פון בשר־בחלב, צי דיני ממונות . . . זעהר וואויל! קומט ראובן ושמעון האָבען אַ דין תורה, קומט אַ משרת אַ שאלה פרעגען, אָדער א א ש ה האָט אַ שאלה, — קריגט באותה הרגע דאָס לערנען אַ חיות, לעבט עס אויף און עס האָט אַ ממשלה אויף דער וועלט. אָבער אַזוי, אָהן זיי, פיהלט דער רבי, אַז די תורה, דאָס הייסט: דער גוף פון דער תורה, דער נגלה, דאָס וואָס עס ליגט פון אויבען אויף — איז טרוקען, נישט דאָס, האָט ער געפיהלט, איז ת ו ר ת ח י י ם! — תורה דאַרף לעבען! לערנען אַנדערע קבלה־ספרים האָט מען אין בריסק נישט געטאָרט. דער

בריסקער רב איז געווען א מתנגד און בטבע אַ „נוקם ונוטר כנחש". האָט עמיץ אָנגעריהרט אַ זהר, אַ פּרדס, פלעגט ער שעלטען, אין הרם אַריין לעגען! איינעם האָט מען געכאַפּט ביי אַ קבלה־ספר האָט ער איהם געלאָזט אָבגאָלען די בּאָרד דורך ערלים! וואָס קלערט איהר? דער מענש איז יצא מדעתו געוואָרען, אין מרה שחורה אריינגעפאַלען, און, וואָס מעהר הדוש איז, עס האָט איהם שוין קיין גוטער יוד נישט געהאָלפען! — איהר שפּילט אייך מיט'ן בריסקער רב! און פון דעסטוועגען, ווי פאָרט מען עס אַוועק פון בריסקער רב'ס ישיבה?!

אַ צייט לאַנג האָט ער זיך טאַקי געשלאָגען מיט דער דעה.

נאָר איינמאָל האָט מען איהם געוויזען אַ חלום. עס האָט זיך איהם געחלומ'ט, אַז דער בריסקער רב איז צו איהם אַריינגעקומען און געזאָגט: קום נח, וועל איך דיך פיהרען אין גן־עדן התחתון אַריין. און ער האָט איהם אָנגענומען ביי דער האַנד און געפיהרט, זיי זענען געקומען אין אַ גרויסען פּאַלאַץ אַריין. אין פּאַלאַץ איז נישט געוועזען, נישט קיין טיר און נישט קיין פענסטער, אויסער די טיר, דורך וועלכער זיי זענען אַריינגעגאַנגען, ליכטיג איז דאָך אין פּאַלאַץ געוועזען, ווייל די ווענד, ווי עס האָט זיך דעם רבי'ן געדאַכט, זענען געווען פון קריסטאַל און האָבען געשלאָגען פון זיך אַליין אַ ליכטיגען גלאַנץ.

און זיי געהען אַזוי, און געהן און מען זעה'ט נישט קיין סוף.

„האַלט דיך אָן מיין יופּעצע, — מאַכט דער בריסקער רב, — דאָ איז פערהאַנען סאַליעס אין לשער ואין לספר, און קוים רייסטו דיך אָב פון מיר, וועסטו פערבלאָנזען אויף אייביג...

דער רבי טוט אַזוי, און זיי גיהן אַליץ ווייטער און ווייטער, און אויפ'ן גאַנצען וועג זעהט ער נישט קיין בענקעל, קיין שטול, קיין שום כלי בית, גאָר נישט!

„דאָ זיצט מען נישט, — פערטייטשט איהם דער בריסקער רב, — גאָר מען געהט אַליץ ווייטער און ווייטער! — און ער איז איהם נאָכגעגאַנגען, און איין זאַל איז גרעסער און ליכטיגער געוועזען פון דער צווייטער, און די וואנד האָבען געשיינט דאָ מיט דער, דאָ מיט אַנ'אַנדערער קאָליער: דאָ מיט עטליכע דאָרט מיט אַלערליי קאָליערען ... נאָר מענשען האָבען זיי נישט געטראָפען אויפ'ן וועג ...

דער רבי איז מיעד געוואָרען געהענדיג, עס האָט איהם בעגאָסען אַ שווייס, אַ קאַלטערשווייס. קאַלט איז איהם אויך געוואָרען אין אַלע אברים, דערצו הייבען איהם נאָך אָן די אויגען וועה צו טון פון בעשטענדיגען גלאַנץ ...

און עס איז איהם אָנגעפאַלען אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו יודען, צו חברים, צו כל ישראל! אַ קלייניקייט — מען זעהט קיין יוד נישט פאַר זיך! ...

„בענק נישט צו קיינעם — מאַכט דער בריסקער רב — דאָס איז אַ פּאַלאַץ נאָר פאַר מיר און פאַר דיר... דו וועסט אויך אַמאָל זיין בריסקער רב!"

און דער רבי האָט זיך נאָך מעהר דערשראָקען און אָנגעכאַפּט זיך אין דער וואַנד, נישט אומצופאַלען, און די וואַנד האָט איהם אָבגעבריהט! נאָר נישט ווי פייער בריהט, נאָר ווי אייז בריהט!

„רבי! — האָט ער אַ געשריי געטון — די וואַנד זענען אייז, נישט קריסטאָל! פּשוט אייז!"

דער בריסקער רב שווייגט.

און דער רבי שרייט ווייטער:

„רבי, פֿיהרט מיר אַרויס פֿון דאַנען! איך וויל נישט זיין אַליין מיט אייך! איך וויל זיין צוזאַמען מיט כל ישראל?"

און קוים האָט ער עס אַרויסגעזאָגט, איז דער בריסקער רב געלם געוואָרען און ער איז געבליבען איינער אַליין אין פּאַלאַץ.

קיין וועג, ווי אויס און ווי איין, ווייסט ער נישט; פֿון די ווענד שלאָגט אויף איהם אַ קאַלטער פּחד; און דאָס בענקשאַפֿט, צו אַ יוד, צו דערזעהן אַ יוד, באַדיי אַ שוסטער, אַ שניידער, איז אַלץ ביי איהם שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרען, האָט ער אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען...

„רבונו של עולם — האָט ער זיך געבעטען — נעם מיך אַרויס פֿון דאַנען! בעסער אין גיהנם מיט כל ישראל צוזאַמען, איידער דאָ איינער אַליין!"

און באותו הרגע, האָט זיך איהם בעוויזען אַ פּראָסטע יודיל, מיט אַ רויטען בעל־עגלה'שען גאַרטעל אויף די לענדען און אַ לאַנגער בייטש אין דער האַנד. דאָס יודעל האָט איהם, שוויי־גענדיג, אָנגענומען ביי'ם אַרבעל, אַרויסגעפֿיהרט פֿון פּאַלאַץ, און איז — פֿערשווינדען געוואָרען. אַזאַ חלום האָט מען איהם געוויזען!

אַז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿאַר טאָג, קוים וואָס עס האָט אָנגעהויבען גראָהען, האָט ער פֿערשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין פּראָסטער חלום געוועזען. ער האָט זיך געשווינד אָנגעטון און געוואָלט לויפֿען אין בית־המדרש אַריין, לאָזען זיך פּותר חלום זיין פֿון לומדים. וואָס נעכטיגען אין בית־המדרש. דורכגעהענדיג דעם מאַרק, האָט ער אָבער דערזעהן אַ שטעהענ־דיגע בויד. אַ איינגעשפּאַנטע גרויסע, פֿאַרצייטישע בויד, און ביי דער בויד איז געשטאַנען אַ בעל־עגלה, מיט אַ רויטען

גאַרטעל אַרום די לענדען, אַ לאַנגע בייטש אין דער האַנד. און פונקט אַזאַ יודעל, ווי דער, וואָס האָט איהם אין חלום אַרויס־געפיהרט פון פּאַלאַץ.

שטויסט ער זיך, אַז „דברים בגו"; געהט ער צו און פרעגט:

„וואו אַהין פאָהרט אַ יוד?"

„נישט דיין וועג!" ענטפערט דער בעל־עגלה גאָר גראָב.

„פאָרט? — בעט ער זיך — אפשר וועל איך מיט־פאָהרען!"

דער בעל־עגלה האָט זיך אַביסעל פערטראַכט און דערנאָך געענטפערט;

„און צו פיס — זאָגט ער — קען אַזאַ בחור נישט געהן? געה דיר דיין וועג!"

„און וואו אַהין זאָל איך געהן?"

„וואו די אויגען וועלען דיך טראָגען — ענטפערט דער בעל־עגלה און דרעהט זיך אָב — מיין דאגה!"

דער רבי האָט פערשטאַנען, און האָט זיך געלאָזט אין גלות אַריין!

ווי געזאָגט, נתגלה איז ער געוואָרען עטליכע יאָהר שפּעטער אין ביאַלע. (עד מפּי עד, ווי אַזוי עס איז געוועזען, דערצעהל איך נישט; כאָטש עס איז מויל און אויערען אויפצושטעלען!) און, לערך אַ יאָהר נאָך זיין התגלות האָט מיך אַ ביאַלער בעל־הבית, ר' יחיאל האָט ער געהייסען, אַראָבגעברענגט צו זיך פאַר אַ מלמד.

לכתחילה האָב איך אפילו נישט געוואָלט אָננעמען דאָס מלמדות. ר' יחיאל, מוזט איהר וויסען, איז געוועזען אַ עושר, אַ פערצייטישער, אַ אָנגעשטאָפּטער עושר. די טעכטער פלעגט ער געבען צו טויזענד רענדלעך נדן און טון מיט די גרעסטע

רבנים, און זיין לעצטע שנור איז געווען טאַקי דעם בריסקער רב׳ס טאָכטער!

פֿערשטעהט איהר דאָך אַליין, אַז אויב דער בריסקער רב מיט די רעשט מחותנים זענען חולקים, מוז ר׳ יהיאל אויך זיין חולק... און איך בין דוקא אַ ביאַלער חסיד נו — ווי לאָזט מען זיך אין אַזאַ הויז אַריין?

האָט עס מיך אָבער פֿאָרט געצויגען קיין ביאַלע! אַ קליינינקייט — מיט׳ן רבי׳ן אין איין שטאָדט! געקלערט אַהין, געקלערט אַהער, איך פֿאָהר!

און ר׳ יחיאל אַליין, האָט זיך אויסגעוויזען, איז איין אמת פשוט׳ער, כשר׳ער יוד. איך בין אייך אַפֿילו ערב, אַז זיין האַרץ האָט געצויגען צום רבי׳ן ווי מיט צוואַנגען. וואָרום באמת, קיין למדן איז ער נישט געוועזען, אויפ׳ן בריסקער רב פֿלעגט ער אַ ודאי קוקען ווי אַ האָן אויפ׳ן בני אדם! ווערט ער מיר נישט, צו האַלטען זיך, אין ביאַלער רבי׳ן, נאָר ער אַליין איז זיך מתרחק. אַז איך דערצעהל עפּעס פֿון רבי׳ן, מאַכט ער זיך געניצען, כאָטש די אויערען, זעה איך, שפּיצט ער אויף. נאָר דער זון זיינער, דעם בריסקער רב׳ס איידעם, דער קנייטש איין דעם שטערן, קוקט אויף מיר מיט כעס און ליצנות צוזאַמען. נאָר שפּאַרען שפּאַרט ער נישט; ער פֿלעגט בטבע ווייניג רעדען.

ויהי היום, — ר׳ יהיאל׳ס שנור, דעם בריסקער רב׳ס טאָכטער, דאַרף געהן צו קינד! דאַכט זיך, מאַלע אַ ווייבעל געהט צו קינד? איז אָבער אַ מעשה דערביי! געוואוסט האָט מען, אַז דער בריסקער רב, ווייל ער האָט אַ חסיד אָבגעגאָלט׳ דאָס הייסט: געהייסען אָבגאָלען באָרד און פּאות, איז נזוק געוואָרען פֿון די צדיקי הדור.ביידע צוויי זין זענען איהם, לא עליכם, במשך פֿון אַ 5 — 6 יאָהר, נפטר געוואָרען, און אַלע

זיינע דריי טעכטער האָבען קיין בנים זכרים נישט געהאַט.
דערביי איז נאָך יעדע פֿון זיי, געוועזען רחמנא ליצלן, אַ מקשה
לילד, בשעת מעשה געוועזען יעדעס מאָל מעהר דאָרטען, ווי
דאָ: אַז מען האָט אָבער מן השמים געוואָלט, עס זאָל זיין
מחלוקת, האָבען אַלע געזעהען און געוואוסט, אַז עס איז איין
עונש פֿון די צדיקי הדור אויפֿ'ן בריסקער רב, נאָר ער אַליין,
מיט זיינע ליכטיגע אויגען, האָט עס נישט געזעהן! און אפֿשר
— נישט געוואָלט זעהן! ער האָט ווייטער געפיהרט זיין
התנגדות ביד הזקה — מיט חרמות, און תקיפות פֿון אנשי חיל,
ווי אין יענע צייטען...

מיר איז גיטעלע (אַזוי האָט זי, דעם בריסקער רב'ס
טאָכטער, געהייסען), באמת אַ שאָד געוועזען, זעהר אַ שאָד
געוועזען, ערשטענס — אַ יודישע נשמה; צווייטענס אַ יודישע
כשר'ע נשמה; עס איז נאָך אַזאַ צדקות, אַזאַ כשר'ע זאַך אויף
דער וועלט נישט געוועזען...

קיין אייגציגע אָרימע כלה האָט אָהן איהר הילף ניט
חתונה געהאַט; אַזאַ זיידענע בריאה! און דאָס דאַרף געשטאָפּט
ווערען פֿאַר'ן פֿאָטערס כעס! און דעריבער, אַזוי ווי אזך האָט
גאָר געמערקט, אַז די באָבע הייבט זיך אָן דרעהען אין שטוב,
האָב איך שוין אָנגעהויבען אַרבייטען אויף אַלע כלים, מען זאָל
שיקען צום ביאַלער רבי'ן... זאָל זיין אַ קוויטעל אָהן אַ
פדיון! באשר — ער דאַרף נעטיג פדיונות!...

דער ביאַלער רבי האָט גאָר וועניג געהאַלטען פֿון
פדיונות!

מיט וועמען אָבער רעדט מען?

איך פריוו מיט'ן בריסקער רב'ס איידעם, און ווייס — אַז
ממ'ש נפשו קשורה בנפשה, וואָרען, ווי ער האָט זיך נישט בע־

האַלטען, האָט דאָס שלום בית אַרויסגעשמי.קט פֿון יעדען ווינקעלע, פֿון אלע זייערע תנועות און הויות. — איז ער דאָך אָבער דעם בריסקער רב'ס איידעם; שפּייט ער אויס, געהט ער אַוועק און לאָזט מיך שטעהן מיט איין אָפֿען מויל.

נעם איך מיך צו ר' יהיאל'ן אַליין, ענפֿערט ער מיר: עס איז דעם בריסקער רב'ס טאָכטער! איך וועל עס איהם, דעם בריסקער רב, נישט טון, אַפֿילו ביי סכנות נפשות, חס ושלום! פּריוו איך מיך מיט זיין פּלונית'טע, אַ כשר'ע יודענע, נאָר אַ פּראָסטע, — ענפֿערט זי מיר כהאי לישנא: זאָל מיין מאַן הייסען, שיק איך באַלד צום רבי'ן מיין יום־טוב'דיק שטערנ־טיכעל מיט די אויירינגלעך; אַ מטמון מיט געלד האט עס נעקאָסט! נאָר אָהן מיין מאַן, נישט קיין פּחות משוה פּרוטה — נישט אַ פּיפּי'ץ!

„אָבער אַ קוויטעל ... וואָס שאדט אייך אַ קוויטעל?"

„אָהן מיין מאַן'ס וויסען, נאָר נישט!" ענפֿערט זי, טאַקי ווי אַ כשר'ע יודענע דאַרף ענפֿערן, און דרעהט זיך אָב פֿון מיר. און איך זעה, אַז זי וויל נאָר בעהאַלטען די טרעהרען, — אַ מאַמע; לב יודע — איהר האַרץ האָט שוין געפֿיהלט די סכנה . . .

אַז איך האָב אָבער געהערט דעם ערשטען געשריי, בין איך אַליין געלאָפֿען צום רבי'ן.

„שמעיה, — ענפֿערט ער מיר — וואָס זאָל איך טון? איך וועל מתפלל זיין!"

„גיט מיר רבי, — בעט איך — פֿאַר דער יולדת, וואָס עס איז — אַ שמירה'לע, אַ מטבע, אַ קמיע'לע . . . וואָס עס איז גיט מיר . . ."

„עס וועט, הס ושלום, ערגער מאַכען, — ענטפערט ער — אָהן אמונה שאטען צווינע זאכען, און זי האָט דערינען קיין אמונה נישט . . .‟

וואָס האָב איך געקאָנט טון? עס איז די ערשטע טעג סוכות, זי איז מקשה לילד, העלפען קען איך נישט, בלייב איך שוין בעסער ביים רבי'ן אין שטוב. א בן־בית בין איך געוועזען; טראַכט איך מיר, איך וועל קוקען יעדער רגע מיט נעבעט צום רבי'ן, אפשר וועט ער זיך מרחם זיין . . .

הערען הערט זיך, אז עס איז נישט גוט. דעם דריטען טאָג שטעהען שוין די וועהען . . . מען האָט שוין אלץ געטון, וואָס מען האָט געקאָנט: די שול איינגעריסען, קברים געמאָסטען, הונדערטער פונד ליכט אויסגעברענט אין שול, אין בתי־מדרשים, היינט צדקה — א מטמון! . . . עס איז דעם נאָכצודערצעהלען? אלע קליידער־שענק זענען געשטאַנען אָפען; א באַרג מיט אלערליי מטבעות איז געלעגען אויפ'ן טיש, און אָרימע לייט זענען אריינגעקומען און גענומען, ווער עס וויל, וואָס ער וויל, וויפיעל ער וויל!

עס האָט מיך שטאַרק אָנגעכאַפט דאָס האַרץ.

„רבי, — זאָג איך — עס שטעט דאָך: צדקה תציל ממות‟.

און ער ענטפערט מיר, שלא ממין הטענה, דאַכט זיך:

„אפשר וועק קומען דער בריסקער רב!‟

און באותו הרגע קומט אַריין ר' יחיאל! צום רבי'ן רעדט ער נישט, גלייך ער וואָלט איהם נישט געזעהן נאָר —

„שמעיה, — זאָגט ער צו מיר, — און כאַפט מיך אָן ביים לאַץ, הינטען שטעט א פוהר, געה, זעץ דיך אויף און פאָהר צום בריסקער רב, זאָל ער קומען . . .

און געפֿיהלט האָט ער שוין אַ פּנים, אין וואָס עס געהט,
וואָרום צוגעגעבען האָט ער!
„זאָל ער אַליין זעהן, וואָס עס טוט זיך! זאָל ער זאָגען
וואָס צו טון!"
און אַ פּנים האָט ער געהאַט, וואָס זאָל איך אייך זאָגען,
מתים זענען שענער פֿאַר איהם!

---

מילא, פֿאָהר איך! טראַכטען, טראַכט איך מיר, אַז אויבער רבי ווייסט, אַז ער וועט קומען, וועט שוין עפּעס דערפֿון אַרויס! אפשר נאָך אַ שלום! דאָס הייסט: נישט צווישען בריסקער רב מיט'ן ביאַלער רבי'ן, זיי אַליין האָבען קיין מחלוקת נישט געפֿיהרט, נאָר צווישען די צדדים בכלל! וואָרום באמת, אַז ער וועט קומען, וועט ער דאָך זעהן! אויגען האָט דאָך!

נאָר מן השמים, אַ פּנים, לאָזט מען אַזאַ זאַך, אַזוי געשווינד, נישט צו. מן השמים האָט מען מיט מיר מלחמה געהאַלטען. קוים בין איך אַרויסגעפֿאָהרען פֿון ביאַלע, גיט זיך איבערן הימעל אַ יאָג אַ כמאַרע! אַ שוואַרצער שווערער וואָלקען ממש ווי סמאָלע און אַ בלאָז האָט פּלוצים געטון, גלייך עס וואָלטען רוחות געפֿלויגען און פֿון אַלע זייטען מיט אַ מאָל. אַ פּויער, להבדיל, פֿערשטעט זיך אויף אַזוינע זאַכען, צלמ'ט ער זיך און זאָגט, אַז עס וועט זיין, הם ושלום, אַ שווערער וועג, און ווייזט מיר מיט דער בייטש אין הימעל אַריין... תוך כדי־דבור מאַכט זיך נאָך אַ שטאַרקערער ווינד, ער צורייסט די כמאַרע, ממש ווי מען צורייסט אַ שטיק פּאַפּיער, און הייבט אָן צו יאָגען און צו טראַבען איין שטיק כמאַרע אויף דער צווייטער, איינע אויף דער צווייטער, גלייך ער וואָלט

קרע געטריבען אויף אַ טאָג. איך האָב שוין איבעהן קאָפּ צוויי שטאָק און דריי שטאָק במארע. לכתחילה האָב איך אַפילו קיין מורא נישט געהאַט. אויסגענעצט ווערען איז ביי מיר קיין גייעס נישט געוועזען, און פאַר דינערן שרעק איך מיך נישט. ערשטענס דינערט נישט סוכות צייט, און צווייטענס — נאָכ׳ן רבי׳נס שופר־בלאָזען! מיר האָבען אַ קיימא־לן, אַז נאָך אַזאַ שופר־בלאָזען האָט אַ גאַנץ יאָהר קיין דינער קיין שליטא נישט! אז עס האָט אָבער ראַפּטום געגעבען אַ פּלאַסק מיר אין פּנים אַריין, ווי מיט אַ בייטש . . . איין מאָל דאָס צווייטע מאָל, דאָס דריטע מאָל . . . איז מיר טאַקי דער מוטערס מילך ענטפאַלען! איך האָב געזעהן בחוש, אַז דער הימעל פּאַטשט מיך, אַז מען טרייבט מיך צוריק!

און דער פויער, להבדיל, בעט זיך אויך! לאָמיר צוריק פאָהרען.

איך ווייס אָבער, עס איז סכנות נפשות. איך זיין אויף דער פוהר, און אינ׳ם שטורם, הער איך, ווי די יולדת קרעכצט, ווי דעם בריסקער רב׳ס איידעמס פינגער קנאַקען; ער ברעכט זיך די הענד; אויך זעה איך פאַר מיר ר׳ יחיאל׳ס שוואַרץ פּנים מיט די איינגעפאַלענע, ברענענדיגע אויגען! פאָהר, בעט ער מיך פאָהר — און מיר פאָהרען.

און דאָ גיסט און גיסט, עס גיסט פון אויבען, עס שפּריצט פון אונטער די רעדער, און פון אונטער די פערד׳ס פוס. און דער וועג ווערט אין גאַנצען פערגאָסען, ממש בעדעקט מיט וואַסער. איבערן וואַסער געהט אַ פיאַנע, די פוהר, דאַכט זיך, הייבט שוין אָן שווימען — וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? מיר האָבען נאָך דערצו געבלאָנזשעט . . . נאָר אויסגעהאַלטען האָב איך!

מיט'ן בריסקער רב בין איך געקומען אויף הושנא רבא!

נאָר, דעם אמת צו זאָגן, אַזוי ווי דער בריסקער רב האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער פוהר, איז שטיל געוואָרען! די כמארע האָט זיך איבערגעריסען, פון שפאלט האָט זיך אַרויס געוויזען די זון, און מיר זענען בשלום שעהן און טרוקען אריינגעפאָהרען קיין ביאלע. דער פויער, להבדיל, האָט עס אפילו בעמערקט און געזאָגט אויף זיין לשון: וועלקי ראבי, צי דיהושי ראבין!..

נאָר דער עיקר איז געוועזען אונזער אריינקומען!

ווי די היישעריקען זענען צו איהם צוגעפאַלען די ווייבער, וואָס זענען אין שטוב געוועזען... כמעט אויפ'ן פנים זענען זיי פאַר איהם געפאַלען און געוויינט... די יולדת פון דער צווייטער שטוב הערט מען נישט, אָדער דורך דעם געוויין פון די ווייבער, אָדער, טראַכט איך, זי האָט שוין, חס ושלום, קיין כח נישט צו קרעכצען... ר' יחיאל האָט אונז אפילו נישט געזעהן, ער איז געשטאַנען אריינגעדריקט מיט'ן שטערן אין אַ שויב, דער קאָפּ האָט איהם אַ פנים געברענט...

דעם בריסקער רב'ס איידעם, דרעט זיך אויך נישט איבער דערלאַנגען שלום. ער שטעט מיט'ן פנים צו דער וואַנד, און איך זעה בחוש, ווי דער גוף זיינער ציטערט און דער קאָפּ קלאַפּט אָן דער וואַנד!...

איך האָב געמיינט, איך פאַל! אזוי האָט מיך דער צער און די שרעק דורך און דורך גענומען. עס איז מיר קאַלט געוואָרען אין אַלע איברים, איך האָב געפיהלט, אַז די נשמה ווערט אין מיר קאַלט!...

נאָר, צי האָט איהר געקענט דעם בריסקער רב?

דאָס איז געווען אַ מענטש — איין עמוד ברזל, זאָג איך אייך?

אַ הויכער, הויכער ייִד, טאַקי „משכמו ומעלה"... איין אימה האָט ער געוואָרפֿן, ווי אַ מלכות! — אַ ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ, געדענק איך נאָך היינט, האָט זיך איהם אַריינגערוקט אונטערן גאַרטעל, דער צווייטער שפּיץ־באָרד ציטערט איבערן גאַרטעל...

בּרעמען — ווייסע, דיקע, לאַנגע — אַ האַלב פּנים האָבען זיי איהם פֿערשטעלט. און, אַז ער האָט זיי אויפֿגעהויבען — רבונו של עולם! די נשים זענען ממש צוריק געפֿאַלען, ווי פֿון אַ דינער צוריק געוואָרפֿען, אַזוינע אויגען האָט ער געהאַט! — הלפּים, בלאַנקע הלפּים האָבען אין זיי געבליצט!

און אַ געשריי האָט ער געטון ווי אַ לייב: אַוועק נשים!

דערנאָך האָט ער שטילער און איידעלער נעפֿרעגט:

„און וואו איז מיין טאַטער?"

מען האָט איהם געוויזען.

ער איז אַריינגעגאַנגען, און איך בין נעבליבען שטעהן ממש אַרויס פֿון די כלים: אַזוינע אויגען, אַזאַ בליק, אַזאַ קול! עס איז גאָר אַנ'אַנדער דרך, אַנ'אַנדערע וועלט! דעם ביאַלער רבי'נס אויגען לייכטען אַזוי גוט, אַזוי שטיל, עס קומט אַריין אַ חיות אין האַרץ: ער וואַרפֿט אויף דיר אַ בליק, האָט ער דיך מיט גאָלד בעשיט... און זיין קול, דאָס זיסע קול, דאָס סאַמיטען זיסע קול — רבונו של עולם, ביים האַרץ גלעט עס אַזוי שטיל, אַזוי מחיה'דיג... נישט קיין מורא, חס ושלום, האָט מען פֿאַר'ן, נאָר די נשמה צוגעהט אין ליעבשאַפֿט, אין מתיקות פֿון ליעבשאַפֿט. זי וויל אַרוס פֿון גוף און בעהעפֿטען זיך מיט זיין נשמה... זי רייסט זיך ווי, להבדיל, אַ זומער־פֿליגעלע

צו אַ העלער פֿלאַם ! . . . און דאָ — רבונו של עולם : אימה ופחד ! אַ גאון, אַ פֿערציישייטער גאון ! און ער געהט אַריין צו אַ יולדת !

„ער וועט פֿון איהר מאַכען, — שרעק איך מיך — אַ גל־של־עצמות !"

לויף איך צום רבי'ן.

און דער רבי בענעגענט מיך באַלד אין טיר מיט אַ שמייכעל :

„האָסט געזעהן, — מאַכט ער — כבוד התורה ? ריינעם כבוד התורה ?"

איך האָב מיך בערוהיגט. אַז ער שמייכעלט, טראַכט איך, איז גוט !

---

און עס איז טאַקי געווען, שמיני עצרת איז זי איבער־געקומען, שמחת־תורה האָט שוין דער בריסקער רב געזאָגט תורה ביים טיש. איך האָב געוואָלט אַפילו עגריין אַנדעריש זיין ביים טיש, נאָר איך האָב מורא געהאַט. בפרט, אַז מיט מיר איז געוועזען אַ מנין . . . מען וועט בענשען נבֿך לאלהינו . . .

מילא, וואָס זאָל איך אייך פֿערציילען ? דעם בריסקער רב'ס תורה ? אויב די תורה איז אַ ים, איז ער געוועזען דער לויתן, אין ים, — מיט איין תנועה גיט ער אַ שווים דורך צעהן מסכתות ; מיט איין תנועה גישט ער אויס ש"ס ופוסקים ! אַז עס הילעכט און שפריצט, און זידט און קאָכט, טאַקי, ווי מען פֿערצעהלט פֿון אמת'ן ים . . . דען קאָפּ האָט ער מיר צושרויפֿט . . . נאָר „לב ידע מרת נפשו" ! דאָס האַרץ מיינס האָט פֿאָרט נישט געהאַט קיין שמחת יום־טוב ! און דעמאָלט האָב איך מיך דערמאַנט אין רבי'נס חלום . . . און איך בין

פֿערשטאַרט געוואָרען ! די זון איז געלעגען אין פֿענסטער, ווייז האָט ביים טיש נישט געפֿעלט, דער גאַנצער עולם, זעה איך, שוויצט. און מיר ? מיר איז געוועזען קאַלט, קאַלט ווי אייז ! און דאָרטען, האָב איך געוואוסט, זאָגט מען אַנדערע תורה . . . דאָרטען איז ליכטיג און וואַרם . . . יעדעם וואָרט איז דורכגעוועבט און דירכגעווייקט מיט אהבה און דבקות . . . מלאכים, פֿיהלט מען, פֿליהען אַרום שטום; ממש מען הערט, ווי עס רוישען די גרויסע, ווייסע פֿליגעל . . . איי, רבונו של עולם ! נאָר אַוועק געהן טאָר מען נישט !

פֿלוצלינג, האַקט ער איבער, דער בריסקער רב, און גיט אַ פֿרעג :

„וואָס פֿאַר אַ רבי'ן האָט איהר עס דאָ ?"

„איינעם, אַ נח" ענטפֿערט מען איהם.

מילא, שניידט עס מיך ביים האַרץ ! „איינעם, אַ נח" — אַך, די חנופה, די חנופה ?

„אַ בעל מופת ?" פֿרעגט ער ווייטער.

„ווייניג, מען הערט נישט . . . ווייבער אַפילו פֿערצעהלען, נאָר ווער הערט זיי ?"

ער נעמט אַזוי געלט, אָהן מופתים . . .

זאָגט מען איהם שוין דען אמת, אַז געלד נעמט ער ווייניג און גיט אַ סך אַוועק.

דער בריסקער רב פֿערקלערט זיך.

„און לערנען קען ער ?"

„מען זאָגט — אַ גדול !"

„פֿון וואַנען איז ער, דער נח ?"

קיינער ווייסט נישט, און איך מוז ענטפֿערן, מאַכט זיך שוין אַ שמועס צווישען מיר מיט'ן בריסקער רב :

„איז ער נישט, דער נח, אַ מאָל אין בריסק געווען?" פֿרעגט ער.

„צי דער רבי, — שטאַמעל איך, — איז געווען אין בריסק? דאַכט זיך — יאָ!"

„אַך! — מאַכט ער — אַ חסיד זיינער!" און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער האָט אויף מיר אַ קוק געטון ווי אויף אַ שפּין.

און ער האָט זיך איבערגעדרעהט צום עולם:

„ביי מיר, — זאָגט ער, איז אַ מאָל געווען אַ תלמוד נח... אפילו אַ גוט קעפּעל, נאָר עס האָט איהם געצויגען אין יענער זייט אַריין — איך האב איהם געוואָלט זאָגען צום דריטען מאָל, מזהיר זיין, איז ער מיר נעלם געוואָרען... צי איז עס נישט ד ע ר?"

„ווער ווייסט?"

און ער הייבט אָן אויסמאָלען: אַ דאַרער, אַ קליינער, אַ שוואַרין בערדעל, שוואַרצע געקרייזעלטע פּאות, אַ פֿערטראַכ־טער, אַ שטיל קויל און דערגלייכען.

„עס קען זיין, — זאָגט דער עולם — אַז דאָס איז ער; קרוב לאמת!"

איך האָב שוין גאָט געדאַנקט, אַז מען האָט אָנגעהויבען בענשען.

נאָר נאָך דעם בענשען איז געשעהן אַזוינס, וואָס עס האָט זיך מיר גאָר נישט געקאָנט חלומ'ען.

דער בריסקער רב הייבט זיך אויף פֿון בענקיל, רופֿט מיך אַוועק אין אַ זייט און זאָגט מיר שטילערהייט: „פֿיהר מיך צו ד י י ן רבי'ן און מ י י ן תלמיד. נאָר הערסט, — קיינער זאָל נישט וויסען!

מן השתם פֿאָלג איך, נאָר אויפֿ'ן וועג פֿרעג איך איהם מיט שרעק:

„בריסקער רב, — זאָג איך — מיט וואָס פֿאַר א כוונה געהט איהר?"

און ער ענטפֿערט מיר פשוט:

„עס איז מיר איינגעפֿאַלען ביים בענשען, אַז איך בין ביז אַהער געוועזען א דן שלא בפניו... זעהן וויל איך איך וויל אַליין זעהן, און אפֿשר — האָט ער שפּעטער צוגעגעבען, — וועט מיר גאָט העלפֿען, איך וועל ארויסראַטיווען מיינס א תלמוד."

„ווייסט שיינעניו, -- מאַכט ער ווייטער מיט הלצה — אַז אויב דיין רבי איז דער נח, וואָס האָט ביי מיר געלערנט, קען ער זיין אַ גדול בישראל, אַ בריסקער רב אַ מאָל!

אַצונד האָט איך שוין זיכער געוואוסט, אַז דאָס איז ער, און דאָס האַרץ האָט ערשט אָנגעהויבען צאַפּלען...

---

און די צוויי בערג האָבען זיך צוזאַמען געטראָפֿען...

אַז איך בין אין דער מיט נישט געבליבען אויפֿ'ן אָרט, איז טאַקי אַ נס מן השמים.

דער ביאַלער רבי, זכרונו לברכה, פֿלעגט שמחת תורה ארויסשיקען די חסידים שפּאַצירען אַרום דער שטאָדט, און ער אַליין איז זיך געזעסען אויפֿ'ן גאַניקיל, און געקוקט, און מקבל נחת געוועזען.

עס איז ניט געוועזען היינטיג ביאַלע. עס איז געוועזען דעמאָלט גאָר א קליין שטעטעל. סאַמע קליינע, נידריגע, גע־בויטע הייזלעך; אויסער דער שול מיט'ן רבי'נס בית־המדרש. דעם רבי'נס גאַניקיל איז געוועזען אויפֿ'ן צווייטען שטאָק און

מען האָט פֿון גאַניקיל אַלײן געזעהן װי אויף דער האַנד — די בערגלעך פֿון מזרח זייט, דעם טײך פֿון מעריב . . . — און דער רבי זיצט אויפ'ן גאַניקיל און קוקט. דערזעהט עטליכע חסידים, וואָס געהן און שווייגען, וואַרפֿט ער זיי אַראָב פֿון דער הויך איין התחלה פֿון אַ נגון. זיי כאַפּען אונטער און געהן שוין ווייטער זינגענדיג — און כתות, כתות געהן פֿערביי, און לאָזען זיך אַרויס פֿון שטאָדט, מיט געזאַנג מיט אמת'ער פֿרייד, מיט אמת'ר שמחת תורה . . . און דער רבי פֿלעגט זיך נישט רירען פֿונ'ם גאַניקיל.

דעמאָלט אָבער האָט דער רבי, אַ פּנים, דערהערט אַנדערע טריט, האָט ער זיך אויפֿגעהויבען און איז אַקעגען געגאַנגען דעם בריסקער רב.

„שלום עליכם, רבי!" מאַכט ער מיט ענוות און מיט זיין זיס קול.

„עליכם שלום, נח!" האָט דער בריסקער רב געענטפֿערט.

„זיצט, רבי!"

דער בריסקער רב זעצט זיך און דער ביאַלער רבי שטעלט זיך פֿאַר איהם.

„זאָג נאָר, נח! — מאַכט דער בריסקער רב מיט אויפֿגעהויבענע ברעמען — וואָס ביסטו עס אַנטלאָפֿען פֿון מיין ישיבה? וואָס האָט דיר דאָרטען געפֿעלט?"

„עס האָט מיר, רבי, — ענטפֿערט ער געלאַסען, — אָטעם פֿערפֿעלט . . . איך האָב נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּען . . ."

„ווי הייסט? וואָס רעדסטו, נח!"

„נישט מיר, — פֿערטייטשט דער רבי מיט אַ שטילער קול, — נאָר מיין נשמה האָט אָטעם פֿערפֿעלט . . ."

„פֿאַר וואָס, נח?"

„אייער תורה, רבי, איז מאַמע דין! אָהן רחמים איז זי! אהן אַ פּונק חסד איז אייער תורה! און דעריבער איז זי אָהן שמחה, אָהן פֿרייען אָטעם... סאַמע ברזל ונחשת, אייזערנע חוקים, קופּערנע דינים... און סאַמע הויכע תורה, פֿאַר לומדים, פֿאַר יחידי סגולה!..."

דער בריסקער רב שווייגט און דער רבי זאָגט ווייטער:
„און זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איהר פֿאַר'ן כ ל ל ישראל? וואָס האָט איהר, רבי, פֿאַר'ן האָלץ־העקער, פֿאַר'ן קצב, פֿאַר'ן בעל מלאכה, פֿאַר'ן פּראָסטען ייד?... בפרט — פֿאַר אַ זינדיגען ייד? וואָס, רבי, האָט איהר פֿאַר נ י ש ט לומדים?"

דער בריסקער רב שווייגט, גלייך ער פֿערשטעט נישט, וואָס מען רעדט צו איהם. און דער ביאַלער רבי שטעט אַליין פֿאַר איהם און זאָגט ווייטער מיט זיין זיס קול:

„זייט מיר מוחל, רבי, נאר דעם אמת מוז איך אייך זאָגען... ה אַ ר ט איז געוועזען אייער תורה, האַרט און טרוקען, ווייל זי איז נאָר דער גוף און נישט די נשמה פֿון דער תורה!"

„די נשמה?" פֿרעגט דער בריסקער רב און רייבט זיך דעם הויכען שטערן.

אַודאי! אייער תורה, רבי, האָב איך געזאָגט, איז נאָר פֿאַר יחידי סגולה, פֿאַר למדנים, נישט פֿאַר כל ישראל. און די ת ו ר ה מוז זיין פֿאַר כל ישראל! די שכינה מוז רוהען אויף כל ישראל! ווארען די תורה איז די נשמה פֿון כל ישראל!

„און דיין תורה, נה?"

„איהר ווילט זי זעהן, רבי?"

„תורה — זעהן?" וואונדערט זיך דער בריסקער רב.

„קומט, רבי, איך וועל זי אייך ווייזן!... איך וועל אייך איהר גלאַנץ ווייזן; די שמחה, וואָס שטראַלט אַרויס פֿון איהר אויף אַלע, אויף כל ישראל!

דער בריסקער רב רירט זיך נישט.

„איך בעט אייך, רבי, קומט, נישט ווייט!"

ער האָט איהם אַרויסגעפֿיהרט אויפֿ'ן גאַניקיל. שטילער־הייט בין איך זיי נאָכגעגאַנגען.

דער רבי האָט דאָך דערפֿיהלט: „מעגסט נאָכגעהן, — מאַכט ער — שמעיה, היינט וועסטו אויך זעהן... דער בריסקער רב וועט אויך זעהן... שמחת תורה וועט איהר זעהן... איהר וועט זעהן, אמת'ע שמחת תורה!"

און איך האָב געזעהן דאָס אייגענע, וואָס אַלע שמחת תורה, נאָר איך האָב אַנדערש געזעהן... ווי אַ פאָרהאַנג איז מיר אַוועק געפֿאַלען פֿון די אויגען.

אַ גרויסער, ברייטער הימעל — ממש אין סוף, און בלאָה, אַזוי העל־בלאָה איז דער הימעל געוועזען, אַז עס האָט מחיה געוועזען דאָס אויג. איבערן הימעל זענען געשווימען ווייסע, ממש זילבערנע, וועלקענדליך, און אַז מען האָט זיך אין זיי איינגעקוקט, האָט מען געזעהן, ווי זיי ציטערן ממש פֿאַר פֿרייד, ווי זיי טאַנצען אונטער מיט שמחת תורה! הינטען ווייטער האָט אַרומגענומען די שטאָדט אַ גרינער, ברייטער גאַרטעל, אַ טונקלער גרינער, נאָר דאָס גרינע איז געוועזען לעבענדיג גרין, אַזוי לעבענדיג, גלייך עס וואָלט אַ „חיות" אַרומגעפֿליגען צווישען די גראָזען: וואָס אַ מאָל, האָט זיך געדאַכט, פֿלאַמט ערגיץ אַנדער'ש אויס אַ חיות, אַ געשמאַק, אַ לעבען; — מען האָט געזעהן בחוש, ווי די פֿלעמלעך שפּרינגען און טאַנצען צווישען די גרעזלעך... גלייך זיי האַלזען זיי אין קושען זיי...

און אויף די לאָנקעס מיט די פּלעמלעך האָבן זיך אַרומגעדרעט כּתות און כּתות פֿון חסידים . . . די אַטלּיסענע און אַפֿילו די לאַסטינגענע קאַפּאָטעס האָבן געבלאַנקט ווי די שפּיגעל, די צעריסענע ווי די גאַנצע ... און די פּלעמלעך, וואָס האבן זיך ארויסגעריסען פֿון צווישען די גרעזלעך, האָבן זיך נעכאַפּט און געציעפּעט אָן די שפּיגעלדיגע בגדי יום טוב. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי טאַנצען אַרום יעדען חסיד, מיט התלהבות, מיט ליעבשאַפֿט ... און אַלע כּתות חסידים האָבען געקוקט מיט וואונדערלעך דאָרשטיגע אויגען ארויף צום רבי'נס גאַניקיל . . . און די דאָרשטיגע אויגען, האָט איך געזעהן ממש בחוש, זויגען פֿון גאַניקיל, פֿון רבי'נס פּנים, דאס ליכט, און וואָס מעהר ליכט זיי האָבען געזויגען, העכער געזונגען האָבען זיי ... אַלץ העכער און העכער ... אַלץ לוסטיגער, אַלץ הייליגער ...

און יעדע כּתה האָט זיך געזונגען איהר נגון, נאָר אין דער לופֿט האָבען זיך די אַלע נגונים מיט די אַלע קולות אויס־געמישט; און צום רבי'נס גאַניקיל איז צוגעקומען איין זמר, איין נגון . . . גלייך אַלע זינגען איין זמר, און אַלע זינגען — דער הימעל זינגט, די גלגלים זינגען, און די ערד פֿון אונטען זינגט, און די נשמה פֿון דער וועלט זינגט — אַלץ זינגט!

רבונו של עולם! איך האָב געמיינט איך צוגעה אין מתיקות ...

עס איז אָבער נישט בעשערט געוועזען.

„מען דאַרף מנחה דאַווענען!" האָט פּלוצלים דער בריסקער רב אַרויסגעזאָגט שאַרף; און אַלץ איז פֿערשוואונדען געוואָרען . . .

שטיל — די פֿאָרהאַנג איז מיר צוריק געפֿאַלען פֿאַר די אויגען; אויבען — אַ פּשוט'ער הימעל, אונטען — פּשוט'ע

פּאַשע, פּשוט'ע חסידים אין צעריסענע קאַפּאָטעס... אַלטע צעריסענע שטיקלעך נגונים... אויסגעלאָשען די פּלעמלעך — איך קוק אויפ'ן רבּ'ן, זיין פּנים איז אויך חשך.

---

זיי האָבען זיך נישט אויפגעגלייכט; דער בריסקער רב איז געבליבען אַ מתנגד ווי פֿריהער; מיט דעם איז ער אוועקגעפֿאָהרען!

דאָך אַ פֿעולה האָט עס געהאַט! גערודפ'ט האט ער שוין נישט.



# די גאָלדענע קייט

## אַ חסידישע פאַמיליען־דראַמע

## ערשטער אַקט

מרים'ס צימער אין רבינ'ס הויז. אַלט־פרענקיש־רייך מעבלירט. טישען, טירען און באַלקען — געשניצט און געמאָלט. דאָס מעביל: אַ קאַנאַפּע, פאָטעל־שטולען און בענק אָהן אָנלעהנען, ביי די ווענד. אַלץ — רויט־סאַמיטען געבעט. אויף די אָנלעהנען פון קאַנאַפּע און פאָטעל־שטולען — שטיקערייען. פון זילבער־בלעך קינסטליך געבויגענע עפּען, מיט קאָליערטע וואַקס־קירצען, מיט גאָלד־פּאַפּיערלעך געבונדען — אַרום די ווענד. מעסינגענע ספּריס־שענק; שויבען־שענק מיט גאָלד, זילבער, גלאָז, פּאָרצעליי און קריסטאַל־וואַרג. אויף אַ קינציגער, בראָנזענער קייט הענגט פון באַלקען אַראָב אַ קריסטאַלענער הענג־לייכטער. וואָס קלינגט זעהר מעלאָדיש ביי יעדעם שווערען טריט. שווערע זיידענע פאָרהאַנגען און פּאָרטיערען. איבער אַלעס שוועבט אַ פּאָעטישער פרייען־געשמאַק. טירען — רעכטס און לינקס. אין הינטערגרונד — פענסטער. אונטער די פענסטער זעהט זיך אַ שטיל־פערשנייט ווינטער־בילד, וואָס ווערט וואָס אַ מאָל טריבערער, הוישענדיגער, און צעשפּילט זיך, ענדע אַקט אין אַ שניי־שטורם.

מוצאי שבת. אין צימער, וואו עס איז גאָר נישט אָנגעצונדען, ציטערט אַ זילבערנע נעץ, געפלאָכטען פון שניי־גלאַנץ און לבנה־ליכט.



## פֿאָרהאַנג.

דאָס צימער איז לער. פֿון דער לינקער טיר קומט אַריין

### ישיש 1

געהענדיג אויף־און־אָב, ווילענדיג פֿערטרייבען די מרה־שחורה

ש — בת! ש — — בת!
ער איז דאָך פֿאָרט שבת!

שטעלט זיך אָב קעגען דער טיר רעכטס, פֿון וואַנען ער הערט טריט

האַ? —
און ס'איז נאָך פֿאַר הבדלה —

### ישיש 2

אַריינקומענדיג

וועט עס זיין אַ וואָך...

ישיש 3

נאָכקומענדיג

אַ וואָך!

צוזעהען זיך איבער דער שטוב, מיט־השתוממות־דיג פֿאַרחושט

ישיש 2

פֿאַרשטעלענדיג ישיש 1 דעם וועג, האַסטיג

אָבער, וואָס איז דאָ געשעהען אַזוינס?

ישיש 3

צוקומענדיג

וואָס איז דאָ געשעהען?

ישיש 1

שאָקעלט טיף־בעדויערנד מיט'ן קאָפּ

ישיש 2

ביטער

פֿאַלט פּונקט מיין אײדעם איין:

זיך גט'ן...

ישיש 3

שטעלט זיך פּונקט דאָס וואַסער נישט...

קרע געהט און קרע!

ישיש 1

ייאָם איז צוגעקומען צום טיש, שפּאַרט זיך אָן אירם אָן

זענט איהר, הייסט עס, מיך מקנא ?
וואָס ?

ישישים 1 און 2

צוגעהען זיך איבער דער שטוב

ישיש 2

זיך אָבשטעלענדיג פֿאַר ישיש

אָבער רעד אַ וואָרט !

ישיש 3

שטעלט זיך אָב ביי דער צווייטער זייט

ציהסט דאָך די נשמה אַרויס !

ישיש 1

וואָס ? — זעהענישען . . .
פּאָמע זעהענישען !

פּויזע

ישיש 2

און פֿערשטאנען ?

ישיש 1

מרימ׳ל . . .

### ישיש 2

זי !

### ישיש 3

אַזוי !

### זקן 1

אַריינקומענדיק: באַלד נאָך דער שיר, דאַפּאַרטירענד

סוהרים ווילען אַהיים
און פֿאַרכטען זיך :
א אשה אין עזרת־נשים —
הלש׳ט !
מען קען זי נייטש דערמינטערן . . .

### זקן 2

וואָס איז געקומען הינטער זקן 1.

דאָס בית־המדרש . . .
אינ׳ם משך מורמעלט ;
גלייך אַ וואַסער רוישט
גלייך אַ וואַלד !

פויזע

פֿאַר וואָס מאַכט מען קיין הבדלה נישט ?

### זקנים

נישט בעקומענדיג קיין ענטפֿער, רוקען זיך אָב צוין אַ ווינקעל ; לאָזען, איבער דער גאַנצער צייט, פון די ישישים קיין אויג נישט אַראָב.

### ישיש 1

פון מחשבות אַרויס

דרעמעלט אַמאָל פֿאַר חולשות — איין,
ציטערט אויף . . .
עפֿענט די אויגען אויף,
קוקט זיך שרעקיג אום און רופֿט:
אַ רויטע וועלט . . .
שטעהט זי, מרימ׳ל, דערביי —

— מאַכט, פערביטערט, אַוועק מיט דער האַנד —

### זקן 1

מרימ׳לס נאָמען דערמאַנט!

### זקן 2

מרימ׳לס נאָמען . . .

### ישיש 1

אויספיהרענדיג.

זאָגט זי:
ווי אַ וואַסער וועט זיך גיסען
יודיש בלוט . . .

### חסיד 1

אַריינקומענדיג

רעדלעך שטעהען זיי אין מאַרק,
שרעקען זיך און סוד׳ען זיך.

מען עפּענט נישט קיין קליימ,
צינדט נישט אָן קיין ליכט !

ישיש 1

דרימעלט איין . . .
ציטערט ווייטער אויף . . .

פּחד

„פּלעמלעך — זאָגט ער — פּלעמלעך פּליהען"...

ביטער

„מיט'ן רויך
וועלען שטעט און שטעטלעך געהן" —
זאָגט מרים'ל . . .

חסיד 2

צריינקומענדיג

עס שלאָגט זיך א נעוויין אין מאַרק . . .
א יולדת . . .
וועהען שוין דעם דריטען טאָג . . .
אוועקגעפאַלען אויף אסכרה
א ילד . . .

קנאַקט אין די פינגער

וואָס וועט זיין ?
וואָס וועט זיין ?

ישיש 1

אין א וואלד נעזעהן . . .

איין אין־סוף אַ וואַלד . . .
בוים ביי בוים שטעהען זיי,
מיט די קרוינען פֿערפלאָנטעט :
צוזאַמענגעפלאָכטענע צווייגען . . .
און שטעקען די נאַקעטע וואָרצעל קאַפּויר ; —
ענג איז זיי . . .
קומט אַמאָל אויף אַ בוים די צייט,
הייב מיתה ווערט אַ בוים,
פֿון דער ערד אַרויסגעריסען ווערט ער,
אָבער פֿאַלען קען ער נישט,
ר'האָט נישט וואו, דער בוים ;
הענגען בלייב דער בר־מנן !
מויל און אויערן . . .

ישיש 3

האָר און נענעל . . .

הײמישער הסיד

אַריינקומענדיג

אַ פֿולער הויף . . .
אַ געמורמעל, אַ געווימעל — —

ישיש 1

און אונטען צווישען די שטאַמען
לויפֿען שרעקליכע סודות אַרום
ווי די היות־רעות . . .
ברענענדיגע הונגער־אויגען,

רייסען זיך פֿון וואַלד אַרויס
זאָגט מרימ׳ל דערויף:
גזרות . . .
קרענק און אונטערגענג . . .

א אָרימער חסיד

אריינקומענדיג:

נישט גוט . . .

האַקט אָב

ישיש 1

און אין די אויסגעמישטע
צווייגען פֿון לעבען און טויט
נעסטען פֿייגעל שווערע,
שווערע, גרויסע פֿייגעל
היפּען זיי,
פֿון צווייג צו צווייג,
פֿון בוים צו בוים
און לאַכען,
דאָס איז זייער טון — לאַכען!

חסיד 2

קומט פֿון רעכטס

ביים ארון הקודש,
אין פּרוכת מיט׳ן קאָפּ אריינגערוקט,
מיט׳ן שוואַרצען,

שטעהט פנחס׳ל . . .
און ישראל צווישען עולם
לויפט ארום, כאפט שנאפט
דאָ א וואָרט, דאָרט אַ וואָרט
לויפט צו פּנחס׳לען, פערצעהלט . . .

האַקט אָב דערזעהענדיג משה׳ן

## משה

איז אריינגעקומען פון לינקס, אַ געל פּנים, שרעקיגע אויגען, אונרוהיג בעטענדיג, זיך אומקוקענדיג, מיט אַ בּפריל אין דער האַנד

## זקן 1

צו משה׳ן מיט רוגזה

וואָס טוט זיך עס ?
וואָס האָט דיין טאַטע, פּנחס׳ל
מיט ישראל׳ן פאַר אַ סודות ?
וואָס ?

## משה

ווייגערליך

כ׳ווייס נישט, בנאמנות, כ׳ווייס נישט ! . . .

## ישיש 1

זאָגט זי, מריש׳ל, ללעג
ולקלס וועט מען זיין . . .

### משה

(וואָס האָט אריינגעקוקט אין ספּיל בייס שיין פון פענסטער;
זיך בעטענדיג:

לאָזט געמאַך . . .
— אַלטע יודען לאָזט גמאַך.
וויניג עצבות,
מרה־שחורה ווענ̇יג ?

פון ווייטערע שטובען הערט מען א מענליך געוויין

### זקן 1

— דער ישוב׳ניק וויינט.

### זקן 2

— וואלגערט זיך ארום, שוין וואָכענלאנג
קען זיך נישט דערשלאָגען . . .

### היימישער חסיד.

אויסגעדיננען האָט מען איהם די מיהל,
וואלגערט זיך
מיט ווייב און קינד ארום אין שניי . . .
אין מיט׳ן פעלד . . .

### חסיד 1

אַז מען געהט, ווי בלינדע שאָף אַרום,
אַז מען זעהט דעם פּאַפּטון נישט, . .

חסיד 2

אז מען נעהט ארום אין חשך . . .

חסיד 3

ס'ציטערט די הויט אויפ'ן לייב . . .

עס הערט זיך א ווייבער־געוויין

זקן 1

נשים רייסען איין די שול !

זקן 2

פאר'ן ילד !

זקן 3

פאר דער יולדות ?

היימישער חסיד

נישט געקענט דערווארטען זיך !

ישיש 1

וואס האט ערשט אצונד דערהערט דאס געוויין; זיך אויפשטעלענדיג:

פאר הבדלה רייסט מען איין א שול ?

בלייבט שוין אזוי שטעהן

ערגיץ מאכען זיך טירען צו. דאס געוויין האקט זיך אב, פריזע

## מ ר י מ׳ ל

העל־בלאה געקליידעט, פערהלומיט, גאפט־וועגדלערישע טריט, קומט אריין, ניקט טרויעריג־פריינדלעך אויס, געהענדיג צום פענסטער

## י ש י ש 1

מרימ׳ל . . .

## י ש י ש י ם 2 און 3

וואס האבען זיך ביי איהר אריינקומען, אויפגעשטעלט, לאזט די אויגען אראב

## ז ק נ י ם

רוקען זיך זעהר אומרוהיג טיפער אין ווינקעל אריין

## ח ס י ד י ם

האבען געוואלט ארויס פון שטוב, איינער האט שוין געלעגט די האנד אויף דער קליאמקע בלייבען שטעהען, אויסטערליש פער־וואונדערט, מאנכע דערשראקען, טייל מורמלען עפיס

## מ ש ה

וויילענדיג איבערדייסען די שטימונג

וואס מאכען מרימ׳ל,
די קינדערליך ?

## מ ר י ם

שטעלט זיך אב, שאקעלט מיטליידיג מיטן קאפ, נאך פויזע

איינגעשלאפען . . .

פּערקוקט אין פענסטער אַריין

קינדער ווייסען נישט,
קינדער פיהלען נישט,
כ'האָב זיי אונטער די קעפּלעך
קישעלעך געלעגט,
שמייכלען זיי . . .
שרעקליך שמייכלען קינדער . . .

מ ש ה

מי אַ שטילען פאָרוואָרט

מ ר י ם

אַרויסקוקענדיג פון פענסטער

א וואָלקען ציהט
פון מערב זייט אויף אונזער הויז,
לאָזט זיך איבערן הויז אַראָב,
קינדער ווייסען נישט,
קינדער זעהען נישט . . .

פויזע, אין צימער אַריין מיט נאגענדיגער שטימע

פֿאַר וואָס מאַכט מען קיין הבדלה נישט ?

לינקס הערט זיך א געמורמעל פון אין עולם

אַ ר ו מ י ג ע

הערען זיך איין מיט שרעק

מ ר י ם

מיט שרעק און פעראכטונג:

דער עולם,

דער שוואַרצער עולם —
ברענענדיגע הונגער־אויגען . . .

### אַרימיגע.

שפּימען

— דער רבי . . .
— דער רבי —
— דער רבי נעהמ . . .

### שלמה

אַ זעהר הויכער, גראָהער, בלאַסער יוד ; אויפ'ן דער שוואַרצער שפּיציגער יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ. פּרעס־ווייס געקליידעט; אַ'ין אומגעוועהנליך הויכער שטערן, אומגעוועהנליך גרויס געעפענטע אויגען ; מיט אַ קינדיש־נאַאיווען שמייכעל איבערן איינגעשרומפּענע פון צער פּערגליווערטען פּנים קומט אַריין

### עולם

בעווייזט זיך אונטער איהם אין טיר

### פּנחס און ישראל

פון עולם

### שלמה

זיך אומקעהרענדיג

שלמה מאַכט —
קיין הבדלה נישט . . .

### עולם

ציהט זיך ייערנער פאלנענדען אלמעליג צוריק, צולעצט פערמאכט ישראל אונטער זיך די טיר

### מרים

רוקט צו שלמה'ן א פאטער-שטול

### היימישער חסיד

— רבי!
עס פאלט דער עולם פאר שרעק
אויפ'ן פנים...

### שלמה

אנשפארענדיג די האנד אויף דער פאטער-שטול

איין עולם...
דער עולם...
צוויי, דריי, פיער...
פינף מנינים קליינע, קליינע יודעלעך...
איינגעשרומפענע,
קליינינקע
יודעלעך...
קומען,
קלאפען אן ביים צדיק...

שאן-ענדערונג: צער

געפרוירענע נשמה'לעך...
הערצעלעך...

צום נר תמיד קומען זיי,
שטעלען אויס די הענדטעלעך;
אַ פונק! אַ פונק!
אַ נדבה'לע,
אַ מופת'ל . . .
אַ נס, אַ וואונק פון יענער זייט!
און יעדעס וויל פאַר זיך,
פאַר זיך,
פאַר אייגען ווייב און קינד,
פאַר אייגען הויז־געזינד . . .

פויזע

און דאָ — צווישען טויט און לעבען
וואַקעלט זיך אַ וועלט?
אַ וועלט זינקט אין מרה־שחורה איין,
אַ וועלט!

פויזע

מרים

אין דער שטילקייט, צום פענסטער פערקוקט

עס ציהט זיך, ציהט דער וואָלקען שוואַרץ . . .
אַ שווארצער פויגעל שפרייט
שווארצע פליגעל אויס . . .

שלמה

אין שוואַרצען אָנגעטון,
אין שוואַרצען איינגעהילט,

די נשמה פֿון דער וועלט,
די שכינה ברומט,
און וויינט, טרויערט
און ס'צאַפּעלט,
אין אייגענעם בלוט פֿערטרונקען,
ס'האַרץ פֿון דער וועלט!

אויסגלייכענדיג, מיט אויסגעשטרעקטער האַנד

אויסגעלעזט פֿון פּיין און שרעק
מוז ווערען — —
די וועלט?

טאָן־ענדערונג

איך מאַך קיין הבדלה נישט!

מ ר י ם

צאָרניג ברויגט דער וואָלקען זיך...
אַ צאָרניג ברוינער הימעל קוקט אַראָב,
און זיי שמייכלען דאָרט,
קינדער זעהען נישט!

ש ל מ ה

ביטערער

ברוגז'ט זיך דער הימעל!
פֿאַר וואָס מאַכט ער, שלמה'לע,
קיין הבדלה נישט!
אָנגעפֿלויגען זענען דאָך
נשמה'לעך,

צוריקגערופענע פּקדונות'לעך . . .
צי האָבען זיך די טייבעלעך
אין דער נידער נישט בעפלעקט
צי פעהלט נישט ווען א פליגעלע ?
נישט אויסגעפוצט א פעדערעל ?
בעקוקען מוז מען זיי !
און צו משפט'ן גרייט
שטעהט דאָס בית־דין של מעלה . . .
אין עטרות גאָלדענע,
קרוינען ריין־בריליאַנטענע,
און זיי ווילען זעצען זיך
משפט'ן און פסק'נען . . .

*באַמערקונג:*

און די נשמה'לעך — —
פלאַטערן . . .
ס'ציטערן די פּקדונות'לעך . . .
מאימת יום הדין !
מאימת יום הדין !

*שאַנדערונג:*

ציטערט נישט,
פלאַטערט נישט ?
שלמה'לע מאַכט קיין הבדלה נישט . . .
מען וועט נישט — משפט'ן :

*דער־שראָקענע פּויזע*

מ ר י ם

ווינטען בלאָזען,
יאָגען זיך, טרייבען . . .
אַרום הויז טרייבען זיי . . .
אַרום הויז . . .

ש ל מ ה

כעס׳ט זיך, הייסט עס ס׳גיהנם,
שיקט זיינע שליחים אַרויס !
שוואַרצע פֿייגעל פֿלאַטערן אַרום אין ווינד,
דער שוואַרצער הונד אויף דער קייט דאָרט
וואַרפֿט זיך !
שבת קודש איז אַריבער
דער ס מ ב ט י ו ן שלאָגט
און שלמה האָט זיך איינגעשפּאַרט,
הבדלה מאכען — וויל ער נישט !
קעסלען — אונטערגעהייצט ;
קאָכען זיי,
זיעדען זיי . . .
רוּיכיגע פֿלאַמען הייבען זיך, וויקלען זיך,
פּעטע, ברענענדיגע כמאַרעס . . .
„קומט צוריק, רשעים,
אויף שרעק און פּיין,
אויף יסורים רעים,
אויף ענוים קשים . . .
פֿאַר וואָס קומט איהר נישט צוריק ?"

און די אָרימע נשמה׳לעך,
די פֿערפֿלעקטע, די פֿערזינדיגטע, —
אַז שבת קודיש לעשט זיך אויס,
ווייסען זיי
און ציטערן . . .
און טשעפּען זיך
און כאַפּען זיך . . .
מיט די שוואַרצע פֿליגעלעך,
מיט אויסגעצופּטע פֿעדערלעך
צו די נעפּאליך
און קלאַמערן, קלאַמערן זיך
מיט די צאַפּעלדיגע הערצעלעך
צו די וואָלקענדלעך,
און ציטערן . . .
ציטערן !

צאַן־ענדערונג

ציטערט נישט !
צאַפּעלט נישט . . .
פֿליהט אייך, פֿראַנק און פֿריי ארום —
וואו איהר ווילט,
וואו אַ ווינטעל טראָגט — —
איך מאַך קיין הבדלה נישט !

א ר י מ י ג ע

אין שרעק

— און וואָס וועט זיין ?
— רבי, וואָס וועט זיין ?

## שלמה

שבת זאָל זיין, — שבת!
מיט צוואַנגען האַלט איך שבת איין!
נישט נעפּסק'נט. נישט געשטראָפט!

פּויזע

עס הענגט אין דער הייך דאָרט אַ וואָג,
פאַר'ן כסא הכבוד...
וויעגט זיך, וויעגט זי זיך די וואָג...
פ'צינגעלע צאַפּעלט, צאַפּעלט...
אַ מצוה'לע טוט אַ יוד
און — איין עבירה'לע...
שטעלען קען זי זיך נישט...
נישט כולו חייב,
נישט כולו זכאי —
צאַפּעלט זי...
און אל רחום וחנון קוקט...
העלפען קען ער נישט...

פּויזע

און זיצט ער משיח,
אין די טויערן פון רוים
און וואַרט!
נעהן קען ער נישט...
די וואונדען היילען זיך נישט...
ער בינדט זיי אויף,
ער בינד זיי צו —

און געהן, לעזען אוים די וועלט
קען ער נישט !
און קיין כּח צו וואַרטען איז נישטאָ . . .
אין מרה־שחורה זינקט אַריין די וועלט !

אויפשטעהענדיג:

אויסגעלעזט מוז ווערען די וועלט !

ארימינגע

אין שרעק

— ווי אַזוי, רבי, ווי אזוי ?

שלמה

שבת זאָל זיין !
שבת !
נישט געאַקערט,
נישט געזייט,
נישט געבויט און נישט פֿערריבּט . . .
נישט געהאַנדעלט, נישט געוואַנדעלט . . .

היימישער חסיד

הרוב זאָל ווערען די וועלט ?

שלמה

הרוב זאָל ווערען די וועלט !
און מיר —
מיר שבת׳דיגע,

מיר יום־טוב׳דיגע,
מיר נשמה־יתרה׳דיגע יידען,
וועלען איבער איהרע חורבות געהן...

מ ר י ם

וואו אַהין ?
רבי, וואו אַהין...

ש ל מ ה

צו א י ה ם, צו א י ה ם !
זינגענדיג און טאנצענדיג וועלען מיר געהן
צו איהם !

פויזע. עקסאַזש

זינגט מיט מיר !
טאַנצט מיט מיר !

זינגט, טאַנצט אַרום זיך, דער הענגעל־לייכטער הויבט אָן קלינגען

י ש י ש י ם

נעמען זיך אָן ביי די הענד, שטעקען אויס די פרייע הענד צו די יקנים, און טאַנצען, אַז זיי קומען נישט צו, אַ נישט פערשלאָסען רעדיל.

ח ס י ד י ם

רוקען זיך שטיל אַרויס

מ ש ה

קוקט אויף אלעם אבוועזענד

מ ר י ם

כאַפּט בײַ שלמה'ן אײן אַראָבגעלאָזטען עק פֿון גאַרטעל, טאַנצט
אַרום איהם פֿערחלומט, עטוואָס גליקליך־פֿערשעמט, ווי כלה־טאַנץ.
דער הענגעל־לײַכטער קלינגט אַלץ שטאַרקער.

ש ל מ ה

מערקט עס נישט זיך זעלבסטשטענדיג אָב

און אַזוי !
אַזוי געהען מיר,
זינגענדיג און טאַנצענדיג . . .
מיר גרויסע, גרויסע יודען,
שבת־יום־טוב'דיגע יודען,
די נשמות פֿלאַקערן !
פֿאַר אונז, וואָלקען — שפּאַלטען זיך !
הימלען — פּראַלען ד'טויערן אויף !
אין ענן הכבוד שווימען מיר אַ ר י י ן !
צום כסא הכבוד צו,
צום כסא הכבוד צו !
אויפֿ'ן אבן שיש טהור
שטעהען מיר !
און מיר בעטען נישט,
און מיר בעטלען נישט,
גרויסע, שטאָלצע יודען זענען מיר !
מיר זאָגען איהם :
לענגער ווארטען נישט געקאָנט !
שיר השירים זינגען מיר,
זינגענדיג, טאַנצענדיג געהען מיר !

מ ר י ם

לאָזט אָב דעם גאַרטעל, לעגט זיך די הענט אונטערן קאָפּ, בריינגט
איהם עטוואָס אַרונטער, מיט שטראַלענדיגע אויגען, קלאָר־נייעטע־
קלאָר, מיטן טראָפּ

ישקני מנשיקות פיהו
כי טובים — — וודיק — — — מיין !

פריוו, שטילער אומבעוועגליכער עקסטאַז

י ש ר א ל

פאַרנקומענדיג פון אַ ליכטיג צימער

גוט יואָך, יודען !

ש ל מ ה

פאַלט אויף דער שוועל

ג י ש ט דערלאָזט !

שטעהט אויף
מיט פלוצלינגער מאַכט

וועך האָט מורד במלכות געווען ?

י ש ר א ל

קאַלט שנײדענדיג

ר ב פ נ ח ס ׳ ל . . .

ש ל מ ה

מיט שטייגענדער שרעק

מיין זוהן,

מיין שווארצער זוהן . . .

ציהט זיך אונטערוויילינגס צוריק צום פינסטערן צימער, וואקעלט זיך.

מרים און ישישים

לויפען צו, שטיצען און פיהרען איהם ארויס, בשעת וועו איין דער שוועל פון ליכטיגען צימער בעוויזט זיך פנחס שווארץ געקליידט, אנגעריקט און געהט פאמעליך נאר פעסט און מיט א שטאלצערנעם בלוק צום רבינ'ס שטול צו

משה

פאלט דערשראקען אויף א שטול.

שלמה, מרים, ישישים

אב

זקנים

וואס זענען נאכגעגאנגען, שטעלען זיך אב אויף דער שוועל, און קערען זיך אומרוהיג אום צו פנחס'ן, פון זערידער נעריקט, בעווייזען זיך

לאה און יונתן

און בלייבען פערציטערט ביי דער טיר

מרים

געשריי פון פינסטערן צימער

א דאקטער! א דאקטער!

בעוועגונג

מ ש ה

פאַלט צוזאַמען

ל א ה

כאַפּט אָן יונתן ביי דער האַנט

ח ס י ד י ם

וואָס זענען געבליבען צושראָקען און ווינקעל, ריהרען זיך, ויילען לויפען נאָך אַ דאָקטער.

פ נ ח ס

פאַר דער שטול שווין

קיין דאָקטער!

דערשראָקענע פּויזע.

י ו נ ת ן

רייסט אויס זיין האַנד פון לאהס; רוקט זיך פון איהר אָב.

י ש ר א ל

זעצט אייך, רבי!

ז ק נ י ם שוואַך און ח ס י ד י ם שטאַרקער

זעצט אייך, רבי!

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דריי נייטארין

די אויגען רויט, די ליפּען בלאָה,
קיין .טראָפּען בלוט אין באַק נישט דאָ,
דער שטערן בלאַס, בעדעקט מיט שוויים !
דער אָטעם אָבגעהאַקט און היים — —
עס זיצען דריי מיידלעך און נייהען !

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די נאָדעל — בלאַנק, די ליינוואַנד — שניי
און איינע טראַכט איך נייה און נייה,
איך נייה בייטאָג, איך נייה ביינאַכט,
קיין חופּה־קלייד זיך נישט געמאַכט !
וואָס קומט אַרוים, איך נייה ?

נישט איך שלאָף און נישט איך עס . . .
איך וואָלט געגנע'ן אויף מאיר בעל־נס,
אפשר וואָלט ער זיך געמיהט :
איין אלמן כאָטש, איין אלטען יוד,
מיט קינדערלעך אַ שאָק !

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די צווייטע טראַכט, איך נייה און שטעפּ,
און שטעפּ מיר אוים גאָר גראָהע צעפּ !

דער קאָפּ — דער ברענט, די שלעף — זי האַקט,
און די מאַשין — קלאַפּט צו צום טאַקט:
— טאַ־טאַ, טאַ־טאַ, טאַ־טאַ!

איך פֿערשטעה דאָך יענעמס ווינק!
אָהן אַ חופּה, אָהן אַ רינג,
וואָלט געווען אַ שפּיעל, אַ טאַניץ,
אַ ליעבע אויף — אַ יאָהר אַ גאַניץ!
נאָך דערנאָך, דערנאָך?

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך נייה מיך קראַנק, איך נייה מיך בלינד.
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדען שטאָך...
און ער — האָט חתונה די וואָך!
איך ווינש איהם נישט קיין שלעכטס!

עט, פֿערגעסען וואָס אמאָל!...
תכריכים וועט מיר געבען קהל,
אויך אַ קליינטשיק פּיצעל ערד,
איך וועל רוהען אונגעשטערט,
איך וועל שלאָפֿען, שלאָפֿען!